יואַל מאַסטבױם

# סאַלאַמאַנדרא

פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ

װאַרשע, 1926

# דער ערשטער ריר...

— צי, בוראַקל! בוראַטשאָק!!

דער הויכער וואָלפישער הונט מיט די גרינע אָנגעצונדענע אויגן האָט זיך מיט הכנעה אַראָפגעלאָזט פאַר מיר, געפילט זיך שולדיק א ווײלע און פלוצלונג אַזאַ שפרונג געטאָן אין דער הויך — מיך איבערצובעטן, אַז איך בין דערשראָקן צוריקגעגאַנגען אַ טריט.

באַלד אָבער האָט ער זיך ווידער אַראָפגעלאָזט און גענומען זיך וויקלען און שאַרן מיטן בויך אויף דער ערד, ביז איך האָב אים מוחל געווען. איך האָב היינט געהאַט אַ סך טענות צו בוראַקן, וואָרום די קאַסטנס שפיגל-גלאָז, וואָס זענען שטענדיק פאַרפאַקט און פאַרקלאַפט מיט טויזנטער טשוועקעס, זענען היינט געשטאַנען אָפן. די שטאָסן ביר-פלעשער זענען געלעגן צעזייט און צעוואָרפן, ווי צעגנבעט און „פלעמישע טאָוולען" האָבן זיך פשוט געוואַלגערט.

האָב איך אים מיט אַ פזר-ניגון פון דער סדרה אויף אַ געלעכטער אָנגעדרייט דאָס רעכטע אויער און בוראַק האָט מיר אויך אויף אַ געלעכטער געשענקט אַ ביס אין פינגער, כלומרשט נאָכגעפישטשעט עטלעכע מאָל און אַנטלאָפן מיט אַ וואָלפישן גאַלאָפ, נאָכשיטנדיק שטיקער ערד פון אונטער די הינטערשטע

פּיס. איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט: עס איז געווען יענע ערשטע באַגינען-בלייכקייט פון פאַרפרילינג-טעג, ווען דער הוטע-אויוון האָט זיך אָנגעהייבן צו דערוואַרעמען.

אין דידאָזיקע באַגינענס פלעג איך אָנצינדן יאַשעס שמאָלע פאַרטריפטע לאַמטערנע און נישטערן אין די שטאַלן, צי איז גאַנץ דאָס גלאָז און צי זענען איבערן ווינטער נישט געריררט געוואָרן קיין פלעשער.

און אָט אָז איך האָב שוין געהאַט פאַרענדיקט די אַרבעט, האָב איך אין דער הויכער לאַמטערנע אַריינגעשאָסן מיט אַ שטאַרקן בלאָז און זי אַוועקגעשליידערט אין שטאַל, נאָכדעם אַוועקגעלייגט אַ האַנט אויפן האָלצערנעם פרענט פון שייער און גלאַט אַזוי גע-נומען קוקן אין דער וועלט אַריין.

עס איז געווען די ערשטע נעפּלדיקע בלייכקייט פון באַגי-נען, וואָס האָט פּאַמעלעך אויפגעדעקט דעם ברייטן פרייען אַרו-מיקן שטח. עס רוישן די וואַסערן אין די ראָוועס מיט אַ גרינעם שוים, די ליימיקע ערד הייבט אָן ביסלעכווייז אַרויסקריכן פון איר באַהעלטעניש און עס הייבט אָן שמעקן מיט פרישער ערד, וואָס דאַרף באַלד באַצויגן ווערן מיט גרינס.

סטאַיעס פייגל האָבן זיך אין אַ זיגזאַג געצויגן צום שפּיץ פון דער שאָפּע, געכאַפּט דעם ערשטן וואַרעמען ציטער אונטער די פליגעלעך, און זיך באַגריסט מיט אַ חתונה-פּישטשעריי. דאָ און דאָרט זענען שוין געשטאַנען די אָנגעקומענע הוטע-אַרבעטער, גע-רויכערט לאַנגע לולקעס מאַכאָרקע, געשמועסט פון היימישע ענינים, געפּרעגט, צי מערגל (ליים) איז דאָ גענוג, צי מען האָט גע-נוג ברוכוואַרג אַריינגעשאָטן אין אויוון און צי ס'האָלץ איז טרוקן און צי יאַש סטעלמאַך האָט איבערן ווינטער פאַרטיק געמאַכט די פּופּצן קופּערנע פייקלעך צו די בלאָזגילזן.

יאַש סטעלמאַך און זיינע זין האָבן אַ גאַנץ ווינטער גע-

שמידט די אַלע מיני בלאָז-גיזן, גאָפּלס, פייער-כאַפּער, פורעמס און אַנדערע אינסטרומענטן.

אַצינד האָבן זיי אויסגעשאָטן די אינסטרומענטן און אָנגע-וויזן דעם און יענעם זיין אינסטרומענטל און געכאַפּט אַ טרומייטל פון גלאָז און געשופּרט אויף רעכטס און לינקס: „שטיי אויף, הייסט עס, איינגעשלאָפן הוטעלע, צייט צו שיסן מיט זאַמד (אַזאַ מין פאַרוויילונג), פּלאַצן מיט גלאָז און לעשן מיט וואַסער!... שטיי אויף, סוחרל, פון וויטנס, קום גלאָז קויפן!...״

און דאָס טרומייטל פון יאַש סטעלמאַך קלינגט אָפּ מיט זיסע עכאָס און נאָכעכאָס, ווי דאָס שאַלן פון קינדער-טרומייטן אויף בערג.

איך בין געשטאַנען פונדערווייטן און אין מיר איז אויך עפּעס ווי אויפגעשטאַנען פון אַ לאַנגן חלום. עס איז געווען דאָס אַכצעטע יאָר פון מיין לעבן, יענער פרילינג, וואָס ברענגט פון ערגעץ פריילעכע אומבאַקאַנטע שטימען, עפּעס אַ זינגענדיק גע-רויש, אַ שאָרכען און רוישן און פליסן, ווי אַ שלאָגנדיקער קוואַל. און דו ווייסט נישט, וואו דער קוואַל איז: צי לעבן דיר, צי ווייט פון דיר, צי גאָר אין דיר אליין?

דען דעם ערשטן ווינטער בין איך געבליבן אָן טאַטע-מאמע אין דער הוטע, ווי דער אויפזעער איבער אלעמען, איינער אליין.

איך און דער הונט בוראק זענען געווען דאָ, און אונדזער שותף, הערשעלע בראָנשווייגער — אין אַן אנדער זייט דאָרף, מיט דעם אונטערשיד, וואָס אין מיין זייט זענען נאָך געבליבן אַ פּאָר פאַראָרעמטע ציגיינער-גנבים און כשופמאַכער און רוצחים און סתם ווילד-אומבאַקאַנטע אויסקוקער.

דאָרט, וואו הערשעלע איז געזעסן, איז געווען פריילעך און רואיק און הערשעלע אליין האָט געפּיפּקעט אַ ציגאַר, געטרונקען כאָפּאָווס טיי מיט מאַלינעס און געשוויצט איבער די חשבונות.

אחוץ אָבער די זעקס קלאַפּטער האָלץ, וואָס זענען געלעגן בײ זײן פענסטער, אים צו וואַרעמען און די צוויי ממש מילך-גיסנדיקע קי, האָט ער אין די ווינטער-פרימאָרגנס געהאַט אַ וועג אין שטאָט אַרײַן. אמת, נישט גאָר קיין זיכערן וועג פון שניי-זאַוויערוכעס און אמתע סיבירישע ווינטן. אָבער הערשעלע האָט געהאַט הצלחה צו מענטשן: זיי האָבן אים דעם וועג צורעכט געמאַכט. פון וואָך צו וואָך האָט דער שפּיליטער מיט שוועריקייטן און מיט „אַ שליטן איבער דרייען זיך" פאָרט דורכגעבראָכן דעם וועג און געבראַנגט אַ צוויי, דרײַ אָפּגעפּליקטע הינער, אַן אָפּגעפּליקטע גאַנדז, קאַרפּן און פעטן פינטשעווער קאָזע-קעז.

געסט און משפּחה זענען צו אים עפטער געקומען. זיי האָבן זיך ס'רוב אַראָפּגעלאָזט פּורים-צייט מיט משקה און טיראָלער עפּל און פּאָמעראַנצן. אָפּגעפּראַוועט אַ סעודה-נאַכט און אַ שושן-פּורים, זענען זיי אַוועק פון הוטע מיט אַן אוצר פון גלאָזוואַרג, מיט גלעזערנע הינטלעך, ווײַן-פּעסלעך, לאַלקעס און מצה-שיסלען.

הערשעלע ברוינשווייגער האָט אַזוי אַרום געהאַט אַ געוויסע פאַרבינדונג אין שטאָט מיט געקוילעטע הינער און גענדז און ענדיקעס, און איך בין אין די שווערע ווינטער-חדשים געלעגן פאַרוואָרפן פון דער וועלט. צווישן מיר און הערשעלען איז געלעגן אַ ים פון ווייכע שניי-בערג. ביי אַ שטאַרקן פראָסט האָבן די שניי-בערג זיך פאַרהאַרטעוועט און איך האָב זיך געקאָנט אַריבערכאַפּן צו הערשעלען אָפּצונעמען ביי אים דאָס ביסל פּראָדוקטן, וואָס די עלטערן האָבן געשיקט דורך זיין שפּיליטער. אַזוי אָבער בין איך געלעגן ווי אַ טויטער פאַרגראָבן אין שניי און אייז.

איך האָב נאָר געהאַט אַ וועג צו די פּאָר ציגיינער, וואו איך האָב זיך צוגעקוקט צו זייערע „קונצן", ווי זיי שטעכן זיך מיט מעסערס, ציען פייער פון האַלדז, מאַכן טאָפּל-פּגימער און דאָסגלייכן.

אין די זאַווערוכעדיקע נעכט בין איך געלעגן לעבן בוראקן ווי א זעלנער און אויסגערעכנט צום הונדערטן מאָל, וויפל מאָ־דעלקעס עס האָט גענומען דער סטאָקער פריץ, וויפל בייערישע ביר־פלעשער אין דאָס ברוי־הויז יאַנגס. דאָס אַלץ האָב איך שוין געוואוסט אויף די פינגער.

אָבער ווען דער פרילינג האָט אַרויפגעשטעלט אַ ווינטלדיקן פוס אויף אונדזער ערד, האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען אַ פרייע וועלט און האָב מיר געוואָלט ווי קושן מיט איר ברייטקייט און פרייקייט, מיט דעם אַלעמען, וואָס עס שלאָפט און איז שוין אויפגעשטאַנען.

און אָט בין איך יעצט געגאַנגען צו דער הוטע, געגאַנגען מיט דער מינע פון א מענטשן, וואָס איז ארויס פון א תפיסה. איך האָב אַריינגעצויגן אין זיך אָט די פארשיכורדיקע לופט, ווי א פארברע־כער אויף דער פרייהייט, ווי א יונגער גזלן, וואָס גלויבט נישט, אַז דער הימל און די ערד זענען אים געגעבן געוואָרן צו טאָן מיט זיי, וואָס ער וויל.

איך בין געגאַנגען לאַנגזאַם און מיטן תענוג פון א באַלעבאָס, וואָס פילט, אַז זיינע פאַרמעגנס צעוואקסן זיך. אָט שטייט די גרוי־סע ליים־פור, שוין ארויסגעשלעפט פון זומפּ און אָט שטייט דער באַרג ווייך־גאָנשערס, פריי ארויסגעקראָכן פון שניי, און גאָר נאָנט רוקט זיך צו מיר אַ פינטעלע פון א מענטשן. ווער איז דער מענטש? אָך, ליטמאַן איז עס, דער, וואָס קומט מיר אַלע יאָר אָנזאָגן די בשורה, אז ס׳האָלץ איז נישט גערירט געוואָרן און אז פונם גלאָז פעלט נישט.

ער איז צוגעלאָפן צו מיר, ארויפגעלייגט די האנט מיט דער ברייטער פוטערנער הענטשקע אויף מיין אקסל און כמעט גע־שריען פון שמחה:

— אַלץ איז גאַנץ! אפילו קיין קיאָקל (בייערישע ביר־פלע־שער) נישט גערירט!...

גיב איך ליטמאַנען אַ בראַון פּאַטש אין פּלייצע און פרעג חבריש:

— ווי איז עס אייך דערגאַנגען דער ווינטער?

— אַלץ בשלום! — ענטפערט ער. — דאָס סטאָקער קיעלע האָט זיך געקעלבט... נו, און סמעטענע האָבן מיר אויסגעשלאָגן און קעז ליגט דאַרער, א מחיה!...

— נו, און מיט דער הויצעכטס?

— באַ, שטעכעדיקס און צווייגן און שישקעס איבער געגוג. געפּאַליעט און געפּאַליעט!

— און וואָס מאַכט עפּעס חנקע?

— די מוידטשיכע!

דער אַלטער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מער ווי די מוידטשיכע האָט ער נישט געלאָזט פאַלן קיין וואָרט. דען דאָס האָט געהייסן, אז חנקע, דאָס הוטע-מיידל, זיין אייניקל, איז אין דער בעסטער אָרדנונג. זי האָט אויפגעקלאַפּט צוויי פּאָר הילצערנע סאַנדאַלן, כדי נישט צושניידן די פיס אין גלאָז און אויפגעגייט דאָס ציצענע קליידל פאר דער היץ.

איך האָב א בליק געוואָרפן אויפן אַלטן. דאָס איז געווען א זקן, אָן א באָרד, מיט שיטערע גראָבע באַקן, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען ווי זעקלעך. די אונטערשטע ליפּ, שטאַרק אַרויסגערוקט, האָט אים געשטערט זיין לשון, און ער האָט גע-בעבטשעט. פון אונטערן ווינטערהיטל האָבן אַרויסגעקוקט צוויי גרויסע, גלעזערנע, נאָר געטרייע אויגן. די אויגן האָבן דער-ציילט פון א לאַנגן וועכטערישן לעבן צווישן הימל און ערד.

מיט אַ יאָר 40 צוריק האָט די הוטע געהערט צו צוויי שוועדן, ביי וועלכע ליטמאַן האָט אָנגעהייבן זיין וועכטער-לעבן פינקטלעך און געטריי.

ליטמאַן האָט די שוועדן ליב געהאַט און שטענדיק געזאָגט

אַז דאָס גלאָז פון די שוועדן איז געווען [illegible].

אַצינד איז ער שוין געשטאַנען ביי דער פינפטער, צו־דער זעקסטער גענעראַציע הוטניקעס, געליבט נאָך אַלץ דאָס שוועדישע גלאָז, אָבער מיך, דעם לעצטן הוטניק, האָט ער אָפט דערלאַנגט זיין גראָבן, גאָר שטילן וואַרעמען קוש, מסתמא אויך דערפאַר, וואָס איך האָב מיך אָפט געשפּילט מיט זיינע לאַנגע לאָקן, ווי מיט די געשמאַקע בלעטער פון אַן אַלטן בוים.

ער איז געשטאַנען מיט אַ הויכן שטעקן, אין די גרינע מייטקעס, וואָס זענען געווען אָנגעפּעסלט איבער די כאַלעוועס פון די שטיוול, אַפּערגעקוקט מיט די גרויסע גרינע וואַלד־אויגן און גערעדט פון די שווערע ווינטער־טעג. אַזוי דערציילט מסתמא אַן אַלטער בוים נאָך אַ שווערן שניי־לעבן.

איך האָב אים אָנגעפּאַטשט אין פּלייצע און געזאָגט:

— קומט, ליטמאַנדל, אין שאָפע. דאָרט וועלן מיר באַגיסן דעם אויוון מיט ליטקופּ (בראָנפן) און פאַרבייסן וועלן מיר?

— טיכל (קיכל) מיט אַדעסער שפּראָטקעלעך!... — כאַפּט אונטער ליטמאַן מיט דער שמחה פון אַ קינד.

איך האָב באַלד אַ פייף געטאָן אין דער לופט, און די הוטניקעס זאָלן דערהערן, ווי איך גיי, און אַ פייף איז תיכף געקומען אַלס ענטפער. און אָט זענען מיר שוין געשטאַנען אין שאָפע איינגעהילט אין רויטע פייערפלאַמען פון רויטן גלאָז.

דאָס איז געווען אַ מנהג אַזעלכער: אויב דער באַלעבאָס האָט זיך באַוויזן פאַר דער הוטע, האָט מען אַרום אים אָנגע־גאָסן מיט הייסן שטאָף פון אויוון. אַ שיסעריי פון גלאָז און זאַמד, אַ קנאַלעריי פון פיסטוילן און אַ זינגעריי. די הוטניקעס האָבן מיר אָפּגעגעבן דעם ריכטיקן ברוך־הבא און איך בין צו־געגאַנגען צו טאַלמאַקן, דעם עלטסטן אַרבעטער, אַ פּאַטש געטאָן אים אין פּלייצע און געפרעגט:

— ווי גייט עס, קומיע?

— עס גייט כשורה. דער אויוון איז שוין אויפן וועג. מאָרגן גייען די צוועלף דיניצעס אין אויוון אריין. ס'וועט געאַר־בעט ווערן אויף טיש און אויף בענק!

גיב איך ווידער א קלאפּ אין גרזשיבאָווסקיס פּלייצע:

— ווי גייט עס ביי דיר?

דערציילט גרזשיבאָווסקי מיר עפּעס א טרויעריקע מעשה פון צוויי קאַנאַרקעס, וואָס זענען ביי אים אוועקגעפגרט דעם ווינטער, נאָר אַז חזירים פּאַשן זיך ביי אים נישקשה און אַז קאַרטאָפלעס מערן זיך אויך נישקשה.

דאַן שלעפּ איך אַרויס צוויי גרויסע פלעשער בראַנפן, צוגיס זיי אין גלעזלעך אין דער עולם טרינקט מיט ווילדע געשרייען און שמחה.

---

## הערשעלע בראָנשווייגער און זיין משפּחה.

איך האָב מיך אומגעקוקט און זיך דערפרייט: אונטער מיינע פּלייצעס איז געשטאַנען הערשעלע בראָנשווייגער מיט זיין ווייב און טאָכטער גאָלדעלע בראָנשווייגער. זיי זענען קענטיק, אויך ארויסגעקומען זענען ווי עס גייט צו מיטן אויוון. נישט ווי בעלי־הבתים זענען זיי אַרויסגעקומען, נאָר מיט עפּעס אַהיימישער פריינטשאַפט, ווי צווישן אַ אייגן געזינדל. הערשעלע בעלאַנגט אייגנטלעך צו יענע מענטשן, וואָס קאָנען זיין בעל מלאָכה אָדער שותּף נישט אָנטרעטן אויף קיין האר. דער זיידע זיינער איז אַמאָל געווען דער גרעסטער קאָלעקטאָר פון בראָנשווייגערס לאָטעריע אין וואַרשע, אַ שטוב האָט זיך ביי זיי געפירט אברייטע, מענטשן זענען ביי זיי באַהאַנדלט געוואָרן אויפן שענסטן אופן. דער טאַטע זיינער האָט אויך געהאַט אַגרויסן חלק אין בראָנשווייגערס לאָטעריע, נאָר ער האָט אויך אַביסל צוגעהאַנדלט מיט וואַלד. דעם זון האָט ער געוואָלט באַזאָרגן מיט עפּעס אַ זייטיקער פּרנסה, האָט ער אויך אַחוץ „לאָזן" צוגעקויפט אַ הוטע וואו די פּראַקטישע פּאַכלייט, האָבן געאַרבייט אַלס שותּפים.

איך בין געווען דער געבוירענער הוטניק. מיין זיידע האָט געהאַנדלט מיט גלאָז. מיין עלטערזיידע האָט געהאַט אַקוימען און

דער עלטער-עלטער-זיידע, נאָך פון פּאָניאַטאָווסקיס צייטן, האָט געברענט דאָס קריסטאַלענע פענסטערל פונם מלכס „קו - שטאַהל״...

איך פּלעג זיין דער מבין אויף מערגל, אויף שוועדישע דיגעצעס און אויף פישטשעלקעס. הערשעלע האָט זיך צו דער אַרבעט נישט געמישט. ער איז נאָר געשטאַנען ביי די ביכער און טראַנספּאָרטען, געשטאַנען מיטן בויכן סאַמעטענעם קאַפּל, מיט די פּליושענע שטעקשיך און מיטן גרינעם בליישטיפט פאַרשטעקט אין ווייבערשן אויערל און געחשבונט שנעל און פינקטלעך מיטן צינגעלע אין דרויסן, און כאָטש ער איז געווען אַ געלינקטער, זענען דאָך די ציפער אַרויס געקומען, ווי געדרוקט און אַחשבון ווי אָפּגעמאָסטן.

הערשעלען האָבן די אַרבעטער ליב געהאַט. זיי האָבן אים גערופן „פּאַטשטשיוּי״ און לכבוד דעם „פּאַשטשיוון״ האָבן זיי געטרומייטערט, געפייפט און געהירזשעט פון הנאה.

איך האָב מיך אויסגעדרייט צו הערשלען, דערלאַנגט אים אַ חסידישן שלום - עליכם און געפרעגט, צי איז ער בקו הבריאה? צי: האָט ער געפּראַוועט אַגוטע פורים - סעודה? און צי האָט ער אויף די אַרבעה כוסות אויסגעשריבן „כרמל״? — דער איינציקער כרמל - טרינקער אַרום דער הוטע.

הערשעלע האָט געענטפערט מיט זיין אייביק צופרידענעם „געלויבט איז השי״ת״. וואָרום אַזאַ טבע האָט ער שוין געהאַט, הער-שעלע, אַז ער האָט זיך נישט געקלאָגט פאַר מענטשן. עס איז אים שטענדיק גוט געווען און אויף יעדן וואָרט האָט ער געענטפערט:

— געלויבט איז גאָט, געלויבט איז השי״ת.

הערשעלע האָט זיך מיט מיר געפרייט, ווי ער האָט זיך בכלל געפרייט מיט יעדן. מען האָט פונדאָסניי אָנגעהויבן צו טרינקען און בעת מעשה האָט מען געשמועסט פון געשעפט. איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף פאַנייען דעם קאָנטראַקט מיט קיאָקס — בראָהויז, מיט אָנגן און מיט מאַכליידן. הערשעלען אָבער דעם שטאָטישן מענטשל

מיט דעם בלאַט גמרא אין קאָפּ און דער בערזע אין קעשענע, וואָס האָט נישט פאַרטראָגן נישט דעם שווערן ווינטער און נישט דאָס אייביקע פייער פונם גיהנום - אויוון איז די הוטע סוף־כּל־סוף גמאס געוואָרן און ער האָט אַרייַנגעוואָרפן גלאַט אַזוי:

— הלוואַי, וואָלט איך די הוטע געקענט ווע‏מען אוועקגעבן באָטש הייַנט, און אַפילו זאָליען דעם טעפּער, וואָס שאַרפט די צייַן.

איך האָב מיך פאַרמרשט שטאַרק געחדושט און האַלב געשמייכלט:

— שוין זשע ווילט איר פּטור ווערן פון אַזעלכע שותפים?

איר הערט, עטקע, אייער מאַן וויל דאָך שוין פּטור ווערן פון מיר... אַ רציחה.

עטקע אָבער, אַ באַשיידענע יידענע מיט אַ גראָב שייטל איבער די אויערן און מיט אַ לאַנגן שנור בורשטינענע קרעלן, מיט וועלכע זי האָט זיך געשפּילט, האָט כּסדר געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און געהאַלטן מיטן מאַן; זי האָט געגלויבט, אַז גאָר אינגיכן וועט מוזן קומען אַ צייַט וואָס מער געלט וועט קאָסטן צווייַמאָל אַזוי פיל און די דינעצעס אין אויוון וועלן פּלאַצן און האָלץ וועט זייַן נאַס, און דאָס געשעפט וועט מוזן אונטערגייַן.

עטקע איז בכלל געווען אַ יידענע וואָס האָט ליב געהאַט צו פרעגלען אייַנגעמאַכטס, מכבד זייַן געסט, פאַנאַנדעררוקן שטולן און אַן אשיעור זאָגן „סקאָצל קומט"... דאָ, אָבער, אונטער די בערג שנייען האָט זי נישט געהאַט וועמען מכבד צו זייַן, פאַר וועמען צו רוקן שטולן און וועמען צו זאָגן „סקאָצל קומט". זי האָט זיך שטאַק געלאַנגווײַלט און זיך אַלץ געריסן פון דער הוטע.

זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אירע בורשטינענע קרעלן, געקוקט אין די אויגן אַרייַן אַמאָל איר, אַמאָל הערשעלען און עפּעטער גערעט מיט עפּעס אַן אונטערזינגענדיק תחנה - קולכל:

— דער מענטש טראַכט און גאָט מאַכט... פאַר איאָרן געווי־
טערט אונטערן שניי, היי יאָר אין שניי, וויפל איז דער שיעור? סמוז
דאָך נעמען אַמאָל אַ סוף?

איך האָב איר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און צו געוואונטשן
אַז איבעראיאָר, אים ירצה השם, זאָל זי פּרעגלען איר פּסח־שמאַלץ
אין דער פריילעכער שטאָט צווישן פריילעכע מענטשן.

גאָלדעלע בראַנשווייגער איז צוגעקומען. זי האָט זיך נישט
אַריינגעמישט אין שמועס פון הוטע־מסחר. זי האָט נאָר צעצויגן
איבערן זיידענעם פּנים אַ ליבן שמייכל אויף איין באַק, פּונקט ווי־
מען צי'ט אַמאָל אַוועק אַ זיידן פאָרהאַנגל, כדי עס זאָל ווערן
ליכטיקער, און מיר צוגעוואָרפן:

— סקאָצל קומט!

— אַ וואָס מאַכט איר? — האָב איך מיך בגנבה דערפרייט
מיט איר.

איך האָב איצט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דאָס,
וואָס עס האָט זיך געענדערט אין גאָלדעלען איבערן ווינטער. דער
אייגענער שמייכל אויף איין זייט באַק, דער אייגנער הויך גע־
קעמטער „גרעק", דער אייגענער ברוינער געשניצטער האַלז, אָבער
איר צאַרטע הויט איז עפּעס באַזייט געוואָרן מיט געלע פינטעלעך.
מ'ווייניקער האָט נישט געוואוסט פון וואַנען זענען פּלוצלינג אָנגעקומען
די דאָזיקע פינטעלעך — צי האָט זיי איר געשענקט דער ליבער
פרילינג צי דערפאַר וואָס גאָלדעלע האָט פערוויקלט מיט בערגערן
אַ בחורל פון וואָלעבערגס שול אַ בריוו־קאָרעספּאָנדענץ, אַזוי אַז
מען האָט זי שוין גענומען רופן כלה?

ווי עס זאָל נישט זיין, נאָר איר פּנים איז אויסגעפּלאַסטערט
געוואָרן מיט זיפּ פון געלע שפּרענקעלעך. גאָלדעלע האָט זיך זער
געשעמט מיט זיי און געשעפּטשעט פאַרשטעלנדיק דאָס פּנים מיט אַ
ברעג פון דעם בלויען שאַל, פּונקט ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט:

— נישטא גאָר קיין שום תרופה צו זיי, איך האָב גרויס צער דערפון...

מאַך איך צו נישט איר צער אין זאָג אַריין אַזוי ווי פאַרבייגייענדיק:

— און בערגער? און די בלאָע בריוועלעך?

— צעלאַכט זיך גאָלדעלע, ווערט רויט איבער די אויערן און פלאָנטערט זיך קינדעריש מיט דער צונג:

— גייט, גייט, יואלטשע... איר זענט אַ שלעכטער מענטש... זער אַ שלעכטער... וואָס בין איך שולדיק, אַז מען שרייבט מיר?

— ניין, איר שרייבט יענעם, — שלאָג איך איבער די רייד מיט אַ געלעכטערל.

באַליידיקט זיך גאָלדעלע, דרייט אַוועק דעם קאָפּ און איך נעם אַרויס דערווייל פון הערשעלעס זילבערנער פושקע אַ פּאַפּיראָס און פאַררויכער, כאָטש דער רויך פילט מיט אָן מיט אַ סמירקער ביטערקייט. —

עטיע בראָנשווייגער פאַרבעט מיך צו זיך. זי לייגט מיר פאָר צו נאַשן פון אירע אייגעמאַכטסן, וואָס זי האָט אָנגעפּרעגלט איבערן ווינטער, ווייל איך אָבער נישט.

פרעגט זי:

— עפשר ווײַנפּערלעך מיט אַגרעס טערקישע?

— געזייערטע עפּל?

— באָרקעס מיט האָניג?

— אָדער סתם פרעגלערייען פון אייגענער דערפינדונג?

זאָג איך איר שוין צו און זי צעשמייכלט זיך פון הנאה.

דערווייל אָבער נעם איך הערשעלען אונטער דער האַנט צו באַטראַכטן אינאיינעם דעם פּלאַן פון דער קינפטיקער אַרבעט. הערשעלע מאַכט צו נישט די הויט, און ער האַלט אַלץ אין איין סענהן:

— הלוואי, גיט זאָליע במקח השוה, קלאַפּ איך צו הײנט אפילו... איך קען שוין מער נישט װינטערן אין דער דאָזיקער פּוסטקע, כלעבן. אין שטאָט האָט מען דאָך געלעבט מיט מענטשן גלײַך אין דאָ — לעבט מען אַ חזיריש לעבן. אין שטאָט האָט מען סוחרים, האנדל, בערזע, געבראָטענע גענזלעך און בײַ נאַכט — אַ קערטל... שטאָט איז פּאָרט שטאָט. און אַז דער הש״ית וויל, וואַרפט ער גאָר צו אַמאָל אַ געווינסל, איז עס מער ווי פאַר אַ גאַנץ יאָר הוטע - אויוון...

מיט אַ ברייטער האַנט וואַרפט ער מיר אָן דעם רייך פון זיין שטאָטישן לעבן, אָבער איך באַמערק אים נאָך אַלע זיינע ווערטער:

— וואָס איז איצט צו רעדן פון זאַכן, וואָס זענען תייט פון אונז, ר׳ הערש? מיר שטעקן דאָך פּאָרט אין הוטע...

איך ווייז אים אָן מיטן פינגער אויפן אויוון און זאָג:

— זעט איר דאָרט דעם אויוון? ער שפּאַלט זיך, ער ברעכט זיך אין שטיקער... אָט - אָט וועט זיך אַראָפּרייסן אַ שטיק און מענטשן צו קאַליעטשען...

— אַוודאי... אַוודאי... שטעלט זיך הערשעלע אויף די שפּיצן פינגער און דרייט פאַרוואונדערט מיטן קעפּל.

— און צי ווייסט איר אַז ער שטעקט שוין אַזוי גאַנצע זיבן יאָר אין שום רעפּעראַציע?

— אַוודאי... אַוודאי...—שאָקלט ער נאָך מיטן קעפּל.

— היינט שטעלט אייך פאָר, אַז אַזאַ שט״ק רייסט זיך אָפּ און פאַלט אויף די קעפּ פון אַ פערצן פאַרשוין?...

— נו, יאָ.. נו, יאָ... אָבער ווייטער איז עס נישט געגאַנגען. מען קען מיט אים נישט רעדן. ער מאַכט זיך גאָרנישט דער־פון. עס ציט אים אַלץ אין שטאָט אַריין. און אַז איך האָב נישט

אויפגעהערט צו טענהן פון אויוון און קוימען און גלאָז אין שווערן,
האָט ער פאַרוויכערט אַ פּאַפּיראָס, אַרויסגעלאָזן דעם רויך און אַ
זאָג געטון:

— פאָלג מיך אַ גאַנג...

---

## די סאַלאַמאַנדרא.

מיר זענען זיך צוגאַנגען, נאַטירלעך, נישט גאָר פריינטלעך
חען מען האָט גערעדט מיט הערשעלען, „גענומען אים הייסט עס-
אין חדר אַריין” האָט ער געהאַט אַ טבע אַ וויש צו טון בעת מעשה איבער
די געקרייזלטע עקן פון בערדל ווי ער וואָלט אָפּטרייסלען קרישקעס
נאָכדעם אַריינגעזעצט די האַנט אין די קעשענס, געפּאַפּקעט דעם
פּאַפּיראָס און געשוויגן

האָב איך גענומען אויספרעגן גזשיבאָווסקען, דעם אויפזעער,
ווי עס גייט מיט די נייע שוועדישע דינעצעס אין אויוון, צי זענען
די גאַנץ? און צי איז דאָ גענוג ברעכוואַרק צו דער אַרבעט.

באַקומען אַן ענטפער פון אים, בין איך אַוועק צו טאַלמאַנען,
וואָס האָט פלייסיק געכאַפּט אַ פינטעלע פייער אין אויוון, עס גע-
בלאָזן דורך דער אייזערנער גילזע, ביז עס איז אַרויסגעוואַקסן אַ-
רויטער פענכער. האָט ער דעם פענכער נאָכדעם אַ לאָז אַראָפּ-
געטון אין אַפּאָרם און עס איז ארויסגעקומען אַ פלאַש.

באַלד דערויף האָט ער די פלאַש אַ שנעל פאָר געטון פאַר-
מיר, איך זאָל מיך אַבערצייגן. אַז זי איז אָן „סקאַזעס”... סאיז-
צוגעקומען דאָס הוטע - מיידל חנקע מיטן גאָפּל, אַוועק צום־צאָגן
די פלעשער אין קילן אויוון אַריין. איך האָב זי אָפּגעשטעלט.

— אַ חנה, חנהלע...—האָב איך מיך אָנגערופן. דיך האָב איך היינט גאָרנישט געזען... כ'לעבן פאַרגעסן אַפילו מיט דיר אַביסל ליטקופ צו טרינקען... דאָס הוטע־מיידל האָט זיך האַרט אַוועק געדרייט, אויסגעצויגן דעם גאָפּל צו דער הייסער פלאַש ווי נישט זי מיינט מען, און געמורמלט ברוגזדיק:

— אַז מען גיט נישט, נעמט מען נישט...

דאָס איז געווען אַ הויך מאָגער וועזן, אין אַ לייכט סיצן געשטוקעוועט קליידל, דורך וועלכן מען האָט געזען די טרוקענע, גאָר שטאַרקע ביינער פון איר גוף. ציין האָט זי געהאַט קליינע, גאָר שאַרפע ווי ביי אַחיה: זי האָט געקאָנט די שטאַרקסטע וואַלד־ניס צעבייסן. אירע פלאַקסענע האָר, צעשאָטן פאַרן פנים, זענען געווען ערטערווייז אָפּגעסמאַליעט, און אַז מען האָט די האָר אַוועקגענומען, האָט מען דערזען אַ מאָגער פנים מיט עפּעס אַן אויסטערלישער פאַרב פון ליים.

אָט דאָס מיידל איז געווען די שטאַרקסטע און אויסגעהאַלטנסטע אַרום דער הוטע. מען האָט וועגן איר שטענדיק אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „דער בייזער רוח וועט איר נישט נעמען”. און דער רוח האָט איר אין דער אמתן נישט גענומען. צי זי האָט זיך פערקילט צי זי האָט זיך צעשטאָכן אַפּוס קו צי האָט זיך אָפּגעבריט אַפינגער — זי איז תמיד און שטענדיק געבליבן ביים אויוון.

גערעדט האָט זי שאַרף, גראָב און מיט קללות, אויסגעמישט מיט אַ ווילדן געלעכטער. און נאָך יעדן געלעכטער איז געקומען עפּעס אַ עכאָ, ווי דער נאָכקריי פון אַ האָן.

עס איז איר קיינמאָל נישט געווען קיין נפקה־מינא וואָס זי עסט און וואו זי שלאָפט, שלאָפט זי אין שטוב, אויפן היי־טאָפּטשאַן, ביים זיידן ליטמאַן, צו גאָר ביים אויוון, ווייל אַסך מאָל האָט מען זי טאַקע געטראָפן כראָפּען ביים אויוון ליבער ווי אויפן

טאפטשאַן, און נאָר פון שבת צו שבת פלעגט זי זיך אַוועקזעצן אויפן טאַפטשאַן און זען, ווי דער אַלמן, דער זיידע, צינדט אָן ליכט און פאָכעט מיט די הענט צום פּנים ווי א יידענע.

פלעגט זי אַוועקלייגן אַ פינגער אויף דער באַק און זיך פאַרטראַכטן שטיל, דערמאַנען זיך אין טאַטע-מאַמע, פרעגן ווען עס וועט זיין זייער יאָרצייט און לאָזן אַ טרער, און ווען זי האָט פאַרגעסן אן דער טרער, האָט זי זיך דערמאָנט אן דער וואָך און אַן גרויסן פייער פון אויוון, וואָס האָט איר געצויגען ווי אַ כישוף.

אָט דער כישופדיקער רוף צום פייער איז געלעגן טיף אין איר ווען פון אירע וויג-יאָרן אָן.

חנקע איז געבוירן געוואָרן ביי דער הוטע. איר טאַטע, חנן ליטמאַנס זון, איז געווען אַ בעל-עגלה פון גלאָז און לייםאייביק געווען אין וועג און קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט זיך אומצוקוקן אויף דער בת-יחידה זיינער. זי איז דערום שטענדיק געלעגן אין די גריבער, טעג און וואָכן געלעגן און געשפּילט זיך מיטן ליים, פון וועלכן זי האָט געקנעטן ציגעלעך.

אַ רויסגעקראָכן פון די גריבער, האָט זיך חנקע צוזאַמען מיטן שוועד טיפּס קינדער (דער בעל-הבית פון הוטע) אַוועקגעלאָזט זיך צום פייער און דאָרט זיך געלערנט האַקן גלאָז, בראָטן קאַרטאָפלעס און טראָגן פלעשער פון הייסן אין קילען אויוון אריין.

דאָס איז נאָך קינדווייז געווען אַ פייערדיק נפש, וואָס האָט פאַר קיין פלאַם קיין מורא נישט געהאַט. זי איז אָפט אַרומגעקראָכן איבער די געפּערלעכסטע גלאָז-קופּעס, אין די טיפסטע גריבער און געשפּילט זיך מיט הייסע קוילן, ווי מיט ציגעלעך.

עפּעס איינמאָל האָט זי זיך שטאַרק צעשניטן אין גלאָז, האָט טיפּס חייב אויף גיך אָפּגעריסן אַשטיק ווייסע לייוונט, פאַרבונדן דערמיט חנקעס פוס, נאָכדעם געכאַפּט זי אויף דער האַנט און אַ-

וועקגעטראָגן אין קינדער שפּיטאָל, וואָס האָט עקזיסטירט אויף טיפּס באַמען.

אָבער חנקע האָט לאַנג נישט געקאָנט טראָגן קיין באַנדאַזש זי האָט אים באַלד אַראָפּגעריסן און אַוועק צום אויוון.

ווען זי איז אַלט געווען אַ יאָר צען, איז מיט איר טאַטן און מאַמען געשעען אַן אומגליק: זיי זענען ביידע אויפגעזעסן אויף אַ פּור גלאָז. אין דער מיט וועג האָט זיך די שווערע פּור איבער־געקערט און זיי זענען אומגעקומען.

אַן עלנטע יתומה, האָט חנקע נישט געהאַט צו וועמען זיך צו צוטשעפּען אויסער צום זיידן. דער איינזאַמער זיידע האָט זי מקרב געווען, פּלעגט זי אים קאָכן וועטשערע, צערעווען און בייען זיינע העמדער און לייבלעך און ביידע האָבן זער האַרציק געלעבט צוזאַמען. ער האָט איר אויסגעלערנט דעם קדיש נאָך טאַטע־מאַמע, קושן די מזוזה, ווען מען טרעט איבער אַ יידישע שטוב אויסער ליכט־בענטשן וואָס ער פּלעגט עס תמיד טון פאַר אירטוועגן.

חנקע איז אויסגעוואַקסן מיטן קנאַלן און פּלאַצן פון גלאָז, נעבן די ווילדע צונגען פון פייער און רויך, וואָס האָבן געשפּאַרט פון גאַנצע פּופּצן לעכער אונטער אַן אייביק בילן פון הינט און אַ שיסעריי פון ביקסן. זי האָט דאָס אַלץ אַריינגעצויגן און פאַרגראָבן טיף אין זיך. און ווען זי איז געקומען אין די מיידלשע יאָרן, האָט זיך אין חנקען דערפילט יענץ ברויזנדיקע און ווילדע, וואָס רעכנט זיך מיט גאָרנישט און האָט פאַר גאָרנישט קיין מורא.

אָט די פּורכטלאָזיקייט חנקעס, אָט דאָס וואָס זי איז אזוי גע־דיאַוינט געוואָרן צו די שטענדיקע קלאַפּערייען און מכות אויף אירע הענט און דאָס אָפּטע אויסשיסן מיט אַ געלעכטער דעמאָלט ווען מען האָט איר געוואָרנט: „חנקע זי וועסט שטאַרבן" האָט מיך אינערלעך

שטאַרק געפּייניקט. אויף מיין נשמה איז געפאַלן אַ פינסטערניש און פאַר די אויגן איז שטיין געבליבן עפּעס אַ טונקעלער נעפּל פון חשד.

און אין מיר פלעגט אויפרייסן אַמאָדנער געדאַנק.

שוין זעקס יאָר שטייט דער איוון נישט פאַר׳כט, אָבער ביים זיבעטן יאָר וועט ער צעשמעטערט ווערן אין פיצלעך און באַגראָבן חנקען אונטער זיך.

חנקע וועט שטאַרבן, נאָר פון אונטער די ציגל וועט אַרויס אַ פּנים מיט פערמאַכטע אויגן, איר סאַלאַמאַנדראַ, און אָט די סאַלאַמאַנדראַ וועט מיך יאָגן און פּלאָגן פאַר איר ביטערן טויט.

איך פלעג אָפט פערלירן פון שרעק דאָס לשון, שטיין צו בלייבן פאַרגליווערט פון בעטן זיך:

— חנקע, נו לאָז צו רוה, גענוג דיר, זאָלן גויים אַרבעטן, זיי זענען שטאַרקער פון דיר.

חנקע האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם אויסדרוק גלייך. און דאָס, וואָס איך הייס גויים אַרבעטן פאַר איר, איז איר אויך נישט שטאַרק געפעלן, וואָרום אַ חוץ איר קדיש זאָגן פון יאָר צו יאָר, איר קושן די מזוזה פון אַ יידישער שטוב און צינדן ליכט האָט זי זיך מיט גאָר נישט אונטערשיידט פון אַלע גויישע פּנימער אַרום. זי האָט געלעבט זייער לעבן: געבראָטן קאַרטאָפל ווי זיי, געדרייט זיך ווי זיי אויף דער זונטיקדיקער קאַרוזעלע און געזונגען שיקסישע לידער — אַ לעבן אין ווירוואַר פון גלאָז און פייער.

זי האָט זיך פאַרענטפערט:

— אָט נאָר געוואָרפן אַפּאָר שטשאַפעס אין איוון, אַביסל קאַרטאָפל געבראָטן כלעבן, אַ טאַטשקע בראָכוואַרג אויסגעשאָטן, איז דאָס אַרבעט?

זי פלעגט מבטל זיין איר שווערע אַרבעט. איך אָבער האָב אָנגענומען די האַנט אירע און אָנגעוויזן אויף די בלאָטערן און ראַנדן. חנקע האָט די הענט באַהאַלטן, פּונקט ווי דאָס וואָלטן גע-

וועזן די בלאָטערן פון אַ פרעמדער האַנט. איך האָב פלוצלינג מיט אַ שפּאַסיקער ערנסטקייט אַרונטערגעשטעלט אַ פינגער אונטער איר גאָמבע און צווינגענדיק איר אויפצוהויבן העכער דעם קאָפּ, איר אָנגעקוקט:

— דו זעסט די שפּאַרונעס?

פאַר אונזערע אויגן איז געשטאַנען אַ שטיק מויער אַרויסגעפּלייצט פון אויוון, און האָט זיך קוים געהאַלטן אין דער צעשמעטערטער וואַנט. די פייערצונגען האָבן זיך געשפּאַרט דורך די שפּאַרונעס, אַרומגעכאַפּט דאָס ווילדע שטיק מויער, געסמאַליעט עס און געלעקט. עס האָט אָנגענומען אַ שרעק צו קוקן אַהין.

חנקע האָט זיך נישט דערשראָקן. זי האָט עס נאָר אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און צוגעגעבן איין וואָרט: „אסור אויב איך האָב מורא" און באַלד האָט זי זיך צוריק אַריינגעלאָזט אין ווירוואַר פון שלייפן גלאָז, ברענען, צעברעכן, לעשן און זינגען.

אַז מיינע גלידער זענען פאַרגליווערט געוואָרן, אַלץ אין מיר איז ווי אָפּגעשטאָרבן און עפּעס אַ מיסטעריעזע נעפּלדיקע שרעק האָט אַרומגענומען מיין גאַנץ וועזן, איז עס געווען דאָס מיטגעפיל וואָס מען האָט צו אַ פאַרלאָזענע יתומה? האָט מיך געשראָקן חנקעס בלינדע ווילדקייט? דאָס וואָס זי האָט אַרויסגעצויגן שקלאַפּישע טריישאַפט דעם אויוון אָדער דאָס אַלץ צוזאַמען?

נאָר עפּעס האָב איך מיך געפילט עלנט, ווי פאַר אַ שטורמדיקן ים, כהאָב מורא געהאַט און האָב זיך איינגעקורטשעט מיט מיינע גלידער. אויך איצט בין איך געשטאַנען פאַר חנקען, געוואָרנט און פאַרלאַנגט פון איר דאָס, וואָס עס האָט מיך שטענדיק באַאומרויקט... חנקע האָט אַ מיגוט אָנגעשטעלט איר גלעזערנעם בליק אויף מיר, אָבער באַלד האָט זי אַוועקגעכאַפּט דעם קאָפּ ווי פאַר אַ נישט געבעטענעם בעל - רחמים.

דער הונט בוראַק איז צוגעלאָפן צו איר. ער האָט זיך גענו־
מען חנדלען און בויגן פאַר איר, ער האָט זי ליב געהאַט.

איך האָב זי אָנגעכאַפּט פאַר איר לאַנגן קאָפּטאַן, געטרייסלט
און אומישגע אָנגערייצט דעם הונט.

דער הונט האָט צוערשט גענומען „טאָרגען“ זיי ביים קלייד
און אַוועקציען זי פון אויוון. חנקע האָט שטילערהייט אַשפּריץ
געטון דעם הונט אין די אויגן אַריין מיט אַ הייסן פונק און בוראַק
איז אַנטלאָפן אַ באַליידיקטער.

---

## דער טיפער שמועס.

איך בין געזעסן, ווי דער שטייגער, ביי הערשעלען, געטרונקען טיי, באַלעקט זיך פון די פּערציקערליי איינגעמאַכטסן עטיעס, און ער, הערשעלע האָט געשמועסט פון אַסך זאַכען, ווי אַ שטייגער: וועגן דעם, אַז דאָס ווינטער - פּוטערל זיינס וואָס באַשטייט פון דער בעסטער ביבער - פעל הענגט אין שאַנק און ער קאָן עס נישט טראָגן, מחמת עס לוינט זיך נישט אָנצוטון אין דאָרף; וועגן דעם אַז עטיע בראָנשווייגער האָט גאַנצע דריי ציטער - שפּילקעס מיט . גרינע שמאַראַגדן, נאָר ווייל אין דאָרף איז קיין שמחות און קיין שבתים מיט קיין געסט נישטאָ לוינט עס נישט אָנצוטון, און וועגן דעם, ווי גאָלדעלע אַליין, נעבעך, „ווערט פאַרוועלקט", האָט אַטוץ זיידענע קליי-דער אָנצוטון אויף בעלער און האָט דאָ אַפילו קיין איין באַל נישט.

צווישן אַנדערע שמועסן האָט טאַקע די אייגענע גאָלדעלע אַ-רויסגענומען פון אַ בלאָען קאָנווערט בערגערס נישט לאַנג צוגע-שיקט בילד, אַ בילד פון גאַנצן שילער - קאָמערסאַנס, אין אַ גרין היטעלע. ער, בערגער איז שוין באַלד אַריבער די גאַנצע שול, האָט נאָך געדאַרפט אַריבערגיין איין קלאַס. און אָט ביי-דער לעצטער קלאַס האָט ער געהאַט גרויסע נצחונות.

גאָלדעלע איז געשטאַנען און האָט דערציילט כסדר פון זייגע נצחונות, האָט דאָס בילד געהאַלטן ביים האַרץ און געפרעגט ענט־שולדיקנדיק זיך:

— וועט עס מיך נישט פאַרדריסן, ווען זי וועט מיר ווייזן, אָט דאָס שיינע בילד?

איך האָב מיט אַ האַנט אויפן האַרצן איר פאַרזיכערט, אַז איך בין נישט אייפערזיכטיק און קוים מאַכט עס איר פאַרגעניגן, בין איך גרייט עס לאַנג אָנצוקוקן.

גאָלדעלעס שמייכל האָט זיך אַוועקגעטראָגן אויף איין זייט באַק, פאַרצויגן זיך ווי עפּעס אַ זיידן פאָרהענגל זי איז מיר דאַנק־באַר געווען וואָס איך האָב געלאָזט פאַלן אַפּאָר גוטע ווערטער אויף בערגערן און האָט נאָכאַמאָל צוגעלייגט דאָס בילד צום האַרץ.

איך האָב אָפּגעווישט די ליפּן אי פון איינגעמאַכטס אי פון די שמועסן מיט אונזערע שותפטעס און האָב מיט אַ מין סוחרישן טאָן גערעדט צו הערשעלען:

— און אַזוי לאָמיר זיך נעמען צו אונזערע געשעפטן ר׳ הערשעלע, עס איז איצט דאָ צו רעדן פון פיל זאַכן. אַזוי למשל, האָב איך באַנייט דעם קאָנטראַקט מיט די צוויי ברייט־הייזער יאָנג · מאַכלייד און שויבן גלאָז האָב איך טראַנספּאָרטירט און נאַפט־גאָנ־שאָרס זענען אין דער אַרבעט. גאָט צו דאַנקען עס גייט אַלץ אין גאַנג. אָבער זאָגט מיר, וואָס וועט זיין מיטן אויוון, ר׳ הערשעלע, ווי קאָן מען עס דערלאָזן צו אַ סכנה?

הערשעלע האָט זיך געשפּילט מיטן גרינעם ברעלאָק פון קיי־טעלע און, אויסגעהערט, האָט ער פּלוצלינג די האַנט אַוועקגענומען, בעטון אַ דריי מיטן קאָפּעלע:

— נו, וואָס קאָן איך טון? איך קאָן דאָך גאָר נישט טון. ביידן לעשן דעם אויוון.

עס איז אין דער אמתן נישט געווען וואָס צו מאַכן, סיידן צו לעשן דאָס גרויסע פייער און אָפּצושטעלן די אַרבעט אויף חדשים. איך האָב געפונען אַז הערשעלע איז גערעכט און זיך איבערלייגט:

— אין אַזאַ פאַל בלייבט איבער צו געבן די הוטע אין אַ פרעמדער האַנט, מיר וועלן זיך דאָ קיין עצה נישט געבן. זאָל שוין זיין וואָס עס וויל מיר קאָנען נישט שטיין אין סכנות נפשות.

— און נאָך אַ ווינטער וועלן מיר אַוודאי נישט זיין דאָ, האָט הערשעלע אונטערגעשמאָלצן מיינע רייד. עטיעלען ציט אין שטאָט און ביי גאָלדעלען וועט מסתּם נאָך אין נייעם קאַרנאַוואַל זיין תּנאים. עס בלייבט נאָר איינס: אָפּשניידן פון געשעפט.

— און וויפיל גיט ער, אָט דער קורח, האָב איך באַלד איינשטימיק געפרעגט, כלעבן עס טוט מיר גוט דאָס האַרץ ווי אים אַ וועקצוגעבן די שאָפע. אַזאַ אַכזר!

— נו וואָסער נפקא מינה, קינד, איז עס ווער עס וועט האָבן די שאָפע, עס מעג זיין אַגוי אַפילו. דער עיקר, גיט ער שוין אויך וועג דריי הונדערט במזומן און אַז ער וועט צוואַרפן נאָך אַ פופציקער איז מה טוב.

— און די מענטשן?

— נו וואָס קען איך טון כבעט דיך, האָט זיך דאָ הערשעלע אַ קיועטש געטון, ווי שטייט עס געשריבן אַז מען זאָל נאָך דאַרפן פאַרזאָרגן מענטשן?

— אַוודאי שפּילן מענטשן קיין ראָלע נישט אויף דער וועלט האָב איך אַ מאַך געטון מיט די הענט;

ווידער איז צווישן מיר און הערשעלען פאָרגעקומען אַ סכסוך. ער האָט, ווי זיין שטייגער, אויסן גרינגן כאַראַקטער געמומען אויסבלאָזן מיט אַ שברים ; תקיעהדיק צינגעלע דאָס סיגאַר-שפּיצל און איך האָב זיך פאַרקלערט אין זאָליען.

זאָליע טעפּער אָדער ווי מען האָט אים גערופן דער „רויטער קורח" איז געווען דער שכן אונזערער א „בעל הבית פון אַ טעפּעריי"

אין היפּוך צו אונזער הוטע האָט דער אויוון דאָרט געבליענט סיי זומער סיי ווינטער מיט ארויטן גליענדן פייער, ווי אַ גיהנום. קיין ווינט, קיין פראָסט, קיין רעגן האָט נישט געלאָשן די אייביקע רויטע שיין אויפן ווייטן הימל, וויל דער בעל־הבית אירער, א קמצן, אַ אַ אכזר אין כאַראַקטער האָט די מענטשן געהאַלטן און צוים, נישט אָפּגעלאָזט זיי אַ היים שלאָפן אָדער עסן, ווייל סיי דאָס עסן סיי דאָס שלאָפן איז פאָרגעקומען ביים אויוון.

זאָליע דער רויטער מיט דעם האָריקן פּנים ווי אַ וואָלף אי־ ארומגעקראָכן גאַנצע טעג און נעכט, געהיטן די אַרבעט און גע־ שאָלטן די מענטשן.

די דעכער וואָס מען האָט באַדאַרפט פאַרריכטן האָבן זיינע געזונטע לאַפּעס אַליין באַשלאָגן, די אויוועלעך אָדער גאַנצע הייזלעך וואָס מען האָט באַדאַרפט בויען, האָט ער זיך אַליין אַוועקגעזעצט אויף זיי רייטנדיק ווי אַ גבור מ׳ט אַ האַק אין האַנט אָדער מיט אַ קעלניע. ער האָט נאָר אַלע מאָל אַגעשריי געטון: „צעגלי"! אָדער „וואַפּנאָ"! און דאָס הויז איז געוואַקסן.

מען האָט אים גערופן קורח, מחמת טראָץ זיינע פּעסלעך גאָלד, וואָס ער האָט געהאַלטן אונטער דער ערד האָט ער זיך נישט פאַרגינען דאָס אייגענע לעבן. אַ כאַלאַטל האָט ער געטראָגן צו זעקס יאָר אַיינס, שטיוול האָט ער אַליין פאַרראָכטן מיט זוילן פון אַלטע שיך, פּאַפּיראָסן האָט ער גערויכערט פון ערגסטן סאָרט מאַכאָרקע. אַ פּילו אַ קרקע אויפן בית־עולם העט ער געהאַט ער־ געץ אין אַ ווינקל. און ווען מען האָט אים געשטאָכן אַז אויף „יענער וועלט" וועט מען פון אים דערפאַר רייסן די הויט, האָט ער אויס־ געבראָכן מיט אַ געלעכטער:

— אַלע וועט מען שמייסן אויף יענער וועלט, וועט מען אַליען נאָך אַריס טון די אָדערן.

ער האָט געלאַכט, חוזק געמאַכט און געשאָלטן ווי אַ טיראַן, עפּעס אַטיפּע ווילדע בייזקייט איז געלעגן אין זיין פּעטן מיט האָר־באַוואַקסענעם קאַרק. די ב[illegible] איז איבערגעגאַנגען צו זיינע צוויי זין, צו די וועכטער, צו די הינט אַפּילו, וואָס האָבן קיין מענטשן נישט דורכגעלאָזט אַ לעבעדיקן.

און ווען מען האָט דערמאָנט זאַליעס נאָמען אַרום דעם געגנט איז יעדען באַפאַלן אַשרעק.

און אויך אויף מיר איז אָפט אָנגעפאַלן אַ אומהיימליך ביטער געפיל, ווען איך האָב די אויגן אָנגעווענט צום ווייטן רויטן הימל וואו עס האָט אין די טונקעלע שטילע נאַכט געגליט די רויטע טעפּעריי זאַליעס, ווי מען וואָלט ברענען די ביינער פון אַ אומשולדיקן מענטשן. און עפּעס אַ ווייט, בייז האַווקען פון הינט האָט אָפּגעקלונגען אין מיינע אויערן מיט מוראדיקע קולות, פונקט ווי באַנדעס רוצחים וואָלטן ליגן באַהאַלטן אין די וועלדער, און פונקט ווי דאָרט וואָלט זיין אַ יענע וועלט, וואו מען רייסט און מען שמייסט, האָט צו מיר געזעדט יענע רויטע שטילקייט אין די שפּעטע נעכט.

איך האָב צוליב דעם נישט פאַרטראָגן, ווען מען האָט זאַליען פאַרגעשלאָגן פאַר אונזער ביים הוטניק. איך האָב אים געמאַכט צו בישט, אים און זיין האַנדלען מיט מענטשן, אַפילו זיינע תפילות, אַפילו זיינע פרומע יוצרות, וואָס ער האָט דורכן קיטל און טלית געשיקט אין יו״ב צום רב״שע האָב איך בעשפּיגן און געטרעטן מיט די פיס. הערשעלע האָט זיך געהאַלטן ביי איינס:

— זאָג מיר, כבעט דיך, האָט ער געטענהט מיט אַ גערעכטער טענה, צי בין איך באמת מחויב צו וויסן ווען איך פאַרקויף עפּעס? רב״שע, עס שטייט אין ערגעץ נישט אַז אַ באמת פרומער ייד זאָל נישט טאָרן פאַרקויפן זיין מאַיאָנטעק אַ פושע. און אַז אַ פּו־

שע זאָל נישט טאָרן אָוועקגעבן זיין עשירות אַ צדיק. ובכן, —

און ביים „ובכן“ איז הערשעלע שטיין געבליבן פּרעטענציעז־ דיג, ווי אַ האָן נאָכן קרייען.

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָבן מיינע רייד אויף הערשעלען נישט געווירקט.

דען מיט צען טעג שפּעטער איז אַריינגעקומען פּיטל גלעזער, ענער שטילער בכבודיקער ארימאַן, וואָס כאַפּט אויף באָרג אַ צוויי דריי טאָוול ־ גלאָז ביי הערשעלען, שטעלט זיי אַריין אין קעסטל און לאָזט זיך איבער די דערפער גלאָזן שויבן אין פּוירישע אָדער גלחישע פענסטער איז אַ היימישער מענטש ביי הערשעלען טרינקט אָפּט אַ גלעזל טיי, קראַצט זיך אין שאַרסטקען קיך ־ אויוון און פארציילט די דינסטן וועגן דעם ווי אַרום די זשעלינקער סאַד־ זעוקעס פגרן אויס די פיש, וועגן דעם ווי ביי די פויערטעס לייגן זיך היי ־ יאָר נישט די הינער, און וועגן דעם אַז גריטשענע קאַשע איז היי יאָר געראָט. (ער האָט זער ליב קאַשע).

ער פלעגט שטיין מיט די רויטע, לאַנגע איבערגעפרוירענע אויערן, האַלטן דאָס גלאָז אין האַנט, אויסבלאָזן, זופן, דערציילן, און אין אייבוועגס אַ וואָרף אַריין טון הערשעלען וואָס איז אַריינגעקומען נאָך אַ שוועבעלע אין קיך, צי טראַכט ער, הערשעלע דאָ שטענדיק צו בלייבן? און צי [illegible]לט ער נישט געוואָלט אַמאָל פאַרקויפן די הויטע ?.

עס איז גענוג געוועזן איין וואָרט און דער ליבער אינהאַבער פון בראָנשווייגערס לאָטעריע האָט באַלד אַריינגענומען פּייסלן צו זיך, געפרעגט אויפן קונה אויף דעם פּרייז, אויף די אומשטענדן זיינע, און האָט דערביי אַ דריי געטון מיטן קעפל:

— פאַרקויפן קען איך זי פאַרקויפן אָבער נישט מער דער ס׳האָר מיז דאָך קומען זעען וואָס ער קויפט. זע, ברענג עפּעס גוטס, דו וועסט אַ שטיק געלט פאַרדינען.

דערהערט וועגן פאַרדינגען אַ שטיק געלט, האָט פייטל זיך פאַרלוירן. ער, דער עניותדיקע קבצן וואָס רייסט זיך שטענדיק אויס צו פירן אַ מעקלעריי און פירט עס קיינמאָל נישט אויס, איז געבליבן אַ צומישטער. ער האָט זיך געבויגן, געסאָפּעט און געהוסט טיף ביזן בויך אַריין ווי אַ קאַליקע, דערמיט האָט ער געהויסט צו געווינען רחמנות אויף זיך מען זאָל אים געבן צו פאַרדינען.

אַוועקגעגאַנגען צו זאַליען, איז ער אויך שטיין געבליבן אין דער זעלבער פּאָזע, עניותדיג, קליין ביי זיך, נעבוגן, הוסטנדיק ביזן בויך אַריין.

זאַליע אָבער איז געשטאַנען פעסט ביי זיך, ער האָט שטענדיק געוואוסט, אַז הערשעלע בראָנשווייגער, דאָס איידעלע מענטשל, וואָס איז נישט געוואוינט נישט צו קיין פרעסט, נישט צו קיין רעגן און נישט צום פייערדיקן אויוון, ער קאָן דאָ לאַנג נישט בלייבן. האָט ער זיך מיט אים געשפּילט ווי מיט אַ באַלעמל. ער האָט דורך פרעמדע מענטשן אָפּט איבערגעגעבן דעם פרייז פון דער הוטע, פון חודש צו חודש צוגעוואָרפן אַ פינפערל און איראָניזירט:

— נישט פאַרקויפן? זאָל ער נישט פאַרקויפן! כלעבן, ער וועט אַוועק ווי אַקאַץ פון דער סמעטענע. ער וועט אַליין פאַלן אין פולאַפּקע אַריין. ווי אַ הונט וועט ער נאָך אויף די קניען פאַלן!

און אין דער אמתן האָט זיך שוין דער זומער ביסלעכווייז גענומען אַוועקרוקן און הערשעלע האָט קוקנדיק אין הימל אַריין, גענומען דרייען מיטן קעפּל אין רעדן געשווינד מיט זיין איידל קולכל:

— נו וואָס טויג וואַרטן?

כלעבן שוין מאַכן א סוף. מען וועט גאָר נישט אויסשפּילן כל זמן דער ווינטער קלאַפּט נאָך נישט צו. ער האָט גענומען פינטלען מיט די אויגן אין דער ווייטקייט.

הערשעלע האָט דעם הימל גוט געקאָנט, ער האָט אים נאָך צו פיל געקאָנט. ער האָט געוואוסט אַז ווען קראָען־סטאַדעס הויבן זיך אָן דרייען אין דער לופט הייסט עס, אַז דער הערבסט הויבט אָן צו געבן די ערשטע סימנים און אַז נאָך הערבסט קומט אָן א ביטערער שווערער ווינטער און ער האָט דאָסמאָל אים געוואָלט אויסמיידן. האָט ער שטילערהייט געקוועטשט פייטלען.

— גו גיי פייטל, זאָל ער קומען אַהער. וועסט כאַפּן א שטיק געלט, כלעבן, דו וועסט כאַפּן אַ מטמון!

און אָט האָט מען איינמאָל דערזען דעם גזלנישן טעפּער מיט דער רויטער געזונטער באָרד, וואָס איז געשטאַנען אַרויפגעשאַרצט און אויסגעשפּיצט ווילד ווי אַ בעזים. ער איז אַריינגעקומען מיט אַ וואָלפישען גוט מאָרגען, אַ קלאַפּ געטון מיטן סענקעוואַטן שטעקן אין טיש און געפרייט זיך:

— און אַזוי, כלעבן ר׳ הערש, ווילט איר גאָר מאַכן פליטה פון דאַנען, כע, דאָ קאָנען זיך קיין מענטשן מסתמא נישט האַלטן, סיידען וועלף אָדער חזירים, אַזאַ קבר איז דאָס.

הערשעלע האָט זיך געהאַלטן סוחריש, רויק. ער האָט געמאַכט אַקאַלטע מינע פונקט ווי נישט ער, הערשעלע, איז געקומען צו אים נאָר ער. זאָליע, בעט זיך גאָר. ער איז געזעסן הינטערן טיש איבער אַ גלאָז טיי מיט צוויי טעלערלעך איינגעמאַכטס, געזופּט, געלעקט, און פאַרשאַרצט דאָס סאַמעטענע קאַפּל:

— איר מעגט מיר גלויבן, האָט ער געזאָגט גאַנץ פרייליך און צופרידן, אַז איך וואָלט דעם אויוון נישט אָפּגעלאָזט, גוטע פריינט ווינטש איך אַזעלכע געשעפטן, אַי וואָס איך פאַרקויף אים? איז נישט דער פאַר פשוט וואָס מיין טאָכטער שת״חי שטייט אין אַ שידוך. וועגן דעם אַז זיין איידעלע הויט ציטערט פאַרן פראָסט און קעלט האָט ער נישט דערמאָנט.

הערשעלע האָט רויק אָפּגעזאָגט זיינס און בענומען שרייב מיטן גרינעם בלייפעדער אויף אַ ווייס פּאַפּיר. עס הייסט אַז ער בעט זיך נישט שטאַרק און זאַליע האָט אָבער זיך געהאַלטן:

— גלייבט מיר, הערש, אַז איר וועט פון דאַנען אַנטלויפן וואו ר..פּער וואַקסט, או וועט איר אַנטלויפן.

זאַליע האָט צוגעלייגט אַ פינגער צו דער נאָז. ער האָט הערשעלען אָנגעקוקט מיט זיינע כיטרע בלאָע אייגלעך ווי אַ פוקס, וואָס לויערט זיין פּערציקונג. ער האָט אַלץ פּערשטאַנען.

— און אַזוי הערש, בין איך ביי אייך דאָס לעצטע מאָל, האָט זאַליע זיכער אָפּגערעדט, באַשטייט איר נישט, איז נישט! איך האָב אייך גענוג דערלייגט.

הערשעלע האָט אַ הוסט געטון. עס הייסט, רעדט נישט אַזוי שטרענג, מיר וועלען דורכקומען.

פייטעל האָט נאָך מער אונטערגעהוסט, אונטערגעהנפּעט און אונטערבעוואָרעמט אַז ביידע זאָלן דורכקומען. און זאַליע האָט פּלוצלינג באַמערקט:

— פריער מוז מען גיין אַ קוק טון וואָס מען קויפט, קיין קאַץ אין זאַק קויפט מען נישט, איך מוז זיך נאָך אַרומקוקן.

ער האָט אַ רוף געטון ביידע זינדלעך זיינע, שייקע בייקע, וועלכע זענען געשטאַנען אין קיך. צוויי רויטע יינגען ווי שקצים מיט אייזערנע שטעקעלעך אין די הענט. מיט די שטעקעלעך האָבן זיי אָפּט דערלאַנגט יענע וואָס זענען אָפּגעשטאַנען פון דער אַרבעט. מיט אָט דעם צווילינג האָט זיך זאַליע געהאַלטן עצות, באַראַטן זיך וואָס צו קויפן און וואָס נישט.

אַלע זענען אַרויס צום אויוון צוזאַמען, דערביי איז זאַליע בעגאַנגען מיט פעסטע טריט פאָרויס, פונקט ווי ער וואָלט שוין זיין דער בעל הבית פון דער הוטע. ער האָט דאָס און יענץ געמאַכט

צונישט, די און יענע געביידע געמאַכט פאַר א חורבה און געש־
טאָכן הערשעלען:

— גלויבט מיר, הערש, אַז עס איז גאָר נישט אַזאַ מציאה
לעבן, ווען איך זאָג נישט צו אסור אויב איך וואָלט דאַ אריינ־
געטרעטן.

דיביידע זין שייקע און בייקע האָבן אונטערגעהאָלפן
דעם טאַטן, זיי האָבן נישט גערעדט נאָר אונטערגעשטויסן מיט די
אייזערנע שטעקעלעך אין די ווענט, אין די דעכער און געטורמלט:

— פרוכנע, שפינוועבס, כאַ כאַ!

הערשעלע איז טיילמאָל געפלעפט געוואָרן, די באַקן האָבן
זיך גענומען רויטלען ווי ביי אַ יינגן בחור און די פרייליכע בליצי־
קע אויגן זענען שטיין געבליבן באַליידיקטע:

— וואָס מיר פרוכנע, ווען מיר פרוכנע, אייזן שטאַרק די
מויער, שכאָנ? ניי דאָס בלעך!

אַלע האָבן זיך געדרייט אַרום דעם נייעם סוחר, יעדער האָט
עפעס אריינגעזאָגט אַ גוט וואָרט אי אויפן אַדרעס פון די אַלטע
בעלי - בתים אי װעגען דער הויז. נאָר איך בין געשטאַנען פון
ווייטן. די אָפט כיטרע באַוועגונגען פון זאָליעס בלאָע אויגן, זיין
אַבזורשער געלעכטער און די צוויי אייזערנע שטעקעלעך פון זיינע
זין, האָבן מיך געערגערט און געשטאָכן.

זאָליע האָט מיך דערקענט פון ווייטן און אַרויס געלאָזט זיין
גזלנישן פרימאָרגן. איך האָב קוים געענטפערט עפעס צווישן
די ציין.

בוראַק איז געשטאַנען אונטער מיינע הענט אַ צעבייזערטער.
די הויכע האָר פון וואָלפישן האַלז אויפגעשטעלט, אינווייניק, אין
האַלז ביי אים האָט זיך מוראדיק געקאָכט. ער האָט אַלץ געוואָלט
צופאַלן צו די אייזערנע שטעקעלעך פון די פרעמדע יינגען און
ער האָט זיך נאָר געצילט ווי אַזוי אַרום עס צו דערגרייכן. עגדלעך

האָט ער זיך מיטן גאַנצן כח געטון אַ ריס אויס. אַפּאַל - צו אויף טויט און לעבן.

די ייִנגען האָבן זיך פריער בלויז געשפּילט מיט אים, געריצט זיך און צוריצט אויף אַזוי פיל אַז בוראַק איז אַריינגעפאַלן אין אַ משוגענעם אַזאַרט פון בילן, קוויטשען און האַווקען. און עס איז אים געוואָרן אַלץ איינס וואָס מען וועט טון מיט אים. ער האָט זיך צוערשט געוואָרפן אויף די שטעקעלעך, געפאַלן, איבערגעקערט זיך, אויפגעשפּרונגען. דערנאָך האָט ער זיך געוואָרפן אויף די מענטשן.

די ייִנגען זענען צופרידן געווען וואָס דער הונט וואַרפט זיך אויף זיי, דאָס איז געווען אַגוטער וועג ווי אָפּצורעכנען זיך מיט אים. זיי האָבן אים פאַרנאַרט נענטער און דערלאַנגט מיטן שטעקן איבערן שאַרבן. אַשטראָם בלוט האָט פאַרגאָסן די ציין און בוראַק האָט זיך איבערגעקערט און גענומען קוויטשען ווי משוגע. איך האָב דעם הונט געכאַפּט צו זיך, אַ וואָרף אַריין געטון דאָס וואָרט „גזלנים" און זיי שאַרף אָנגעקוקט.

זיי האָבן זיך אַכזריותדיק צעלאַכט.

---

# די מרה שחורה פון די מענטשן.

די הוטע איז שוין געווען האַלב פאַרקויפט. הערשעלע האָט געגעבן זיין וואָרט, אַז ווען זאָליע וועט אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט און געבען די ערשטע פופציק רובל וועט ער שוין פריי קאנען אַרומגיין ווי אַ בעל הבית, אָבער דאָס וואָרט „פאַרקויפט“ איז געפאַלן ווי אַ טויט - בשורה אויף אַלע אַרבעטער.

אַלע האָבען געוואוסט ווער זאָליע איז און מיט גרויס ציטערניש האָבען זיי שטענדיק געקוקט דאָרט אין דער ביינאַכטיקער רויטער שטילקייט וואָס גליט און ברענט ווי אַ געהיימער גיהנום. דאָס אָפטע בילן פון הונט און מורמלען פון מענטשליכע שטימען, האָט געשראָקן, און אַלע פלעגען רעדן מיט ציטערדיקע שטימען:

— וואָס וואָלט עס געווען ווען אַזאַ זאָליע וואַרפט זיך א־ייבער אין דער הוטע? מען וואָלט זיך אַליין געשאָכטן אָדער אים נעשאָכטן? אָדער גאָר פאַרצויגן אַ שטריקל אויף זיין האַלז? און אין דער אמתן איז עפעס יעדן ווי געלגן א מעסער אויפן האַלז, וואָס הייסט עס עפעס ליגן גאַנצע נעכט ביים אויוון און ווערן געשאָלטן און געזידלט,

דער אַרבעטער טאַלמאַ האָט זיך פשוט איבערגעצלמט, ווי מען צלמט זיך איבער איידער סדירט די באַן אָדער אַ שיף.

גזשיבאָווסקי האָט געבראָכן די הענט און געוואָרפן פינגער איבער דער דאַרער האָריקער ברוסט ווי עמיץ וואָלט געשטאָרבן.

און די איבעריקע אַרבעטער זענען שטיין געבליבן מיט פאַרגליווערטע אויגן;

— באָזשע קאָכאַני, טשי טעזש אָן מאַ ביטש נאַשים גאָספּאָדאַזשעם?

מיט אַכט טאָג שפּעטער איז זאָליע אָנגעפאָרן מיט אַ לאַנגער פור און דריי ברוינע פערד נאַ שפּיץ, נאָך וועלכע עס זענען ווילד נאָכגעלאָפן פינף אַלטע פעטע מאָפּסן רשעים, בייזע ווי די מענטשן און אויפן ערשטן וויזיט באַפאַלן מענטשן און צוקאַלעטשעט חזרים. אין דער גאַנצער געגנט האָט זיך געפילט אַ ציטערניש, אַלץ האָט זיך אויפגעשטעלט מיט אַ שוידער אין די ביינער. „קעץ, וואָס זענען געלעגן שטיל האָבן, דערזעענדיק די הינט פון ווייטן גענומען שפּריצן מיט סליונע אויף טויט און לעבן, און הינער האָבן גענומען פליען פון די שטייגן און אַרויפפאַלן איינס אויף דאָס אַנדערע צומיקטע און צושעדיקטע, ווי אַ קאָטער וואָלט זיי געטריבן.

אַפילו קאַטשקעס זענען מיט פחד אנטלאָפן פון די וואַסערלעך, געהויבן די פליגעלעך אין דער הויך און געקאָלערט זיך אויף די פיס: געוואַלט האָטס רחמנות נעמטס זיי אַוועק, אָט די פרעמדע פון דאַנען.

עס איז געוואָרן אַ קוויטשעריי און אַ שרייעריי און אַ פּריסקעריי, ווי דאָס גאַנצע דאָרף וואָלט באַפאַלן געוואָרן פון מלאך המות.

ערשט איצט האָבן די חברה אָנגעהויבן אַראָפּצושלעפּן פון די פורן קאַסטנס, פאַנען, בעטן שלאָפבענק, ברייטע מולטערס, לאָקשנברעטער און, גאָר נישט פרעגנדיק מיך, גענומען עס אַריינוואַרפן אין טאַטנס שטובן, אויף דערווייל, נאָר אויף דערווייל, האָט

מען אויך אויסגעשפרייט די שעניקעס און די בעטן און די טישן און מען האָט אָנגעהויבן טון וואָס מען האָט געוואָלט אויף דערווייל.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן צעלייגן זיך ברייט איבער די הייזער, איבער די גערטנער, איז זאָליע אַריינגעקומען מיט זיין וואָלפישן גאָט - העלף צו הערשעלען די טויב, אַרויסגענומען דעם שטינקע-דיקן לעדערנעם בייטל, צוגעציילט פּאַר מענטשן אין די אויגן דאָס געלט, אויסגעצויגן די מאָזאָלישע האַנט און געזאָגט:

— מזל טוב, הערש, אַצינד געמען מיר אַ ביסל י״ש.

ביידע האָבן צוגעקלאַפּט אַ האַנט צו אַ האַנט און אויסגע-טרונקען. איך האָב דעם אָנגעגאָסענעם כוס געלאָזט שטיין.

---

## דער שרעקלעכער כוס.

דער מאָרגנדיקער טאָג איז געווען אַ המשך פון היינטיקן; דער לחיים וואָס האָט זיך אנגעהויבן ביי הערשעלען היינט, האָט זיך מאָרגן איבערגעטראָגן צו די הוטעמענטשן.

עס איז געווען אַ מנהג אַזעלכער: דער וואָס האָט געקויפט דעם אויוון, דער האָט אים באַגאָסן.

עס האָבן אים באַגאָסן די ערשטע, די אַלטע שווערן, שפּע־טער עפּעס אַ דייטש הינקע, דערנאָך מיין עלטער זיידע, מיין זיידע, איך און אַצינד „זאַליע קורח”:

און זיין באַגיסן און זיין רופן צו פייערדיקער שמחה האָט קיין רושם נישט איבערגעלאָזט,

אַזוי איז אין באַגינען זאַליע אַרויסגעקומען מיט צוויי גרויסע גרינע פלעשער אין קעשענע, צונויפגערופן דעם עולם און זיך אַ־וועקגעשטעלט חכמענען. דאָס חכמענען זיך זיינס איז געווען אַ שפּיצל צו פערגאַרן די אַרבעטער אַז זיי זאָלן אַרבעטן אָן מי־טאָג אָן וויעטשערע. ער האָט זיי דערציילט ווי ער, למשל, האָט אינדרוייז זיך אַרומגעשלעפּט אויף דער וועלט מיט אַ זאַק ביינער געזען אַ שמאַטע - קלויבער פאַר פרעמדע, דערנאָך אָנגעהויבן צו

קלויבן פאַר זיך אַליין און דערנאָך איז ער געוואָרן דער היינטיקער עושר.

ער האָט גערעדט נישט בלאָט אַזוי נאָר זיך סרוב אונטער־געוויצלט, אונטערגעחכמעט און געצויגן טיילמאָל ביים אויער ווי מען טוט עס מיט אַ הינטל.

דער עולם איז געשטאַנען קאַלט, געבלאָזן דעם רויך פון די „פייקעס", און געמורמלט:

נאָך וואָס חכמענען זיך?

נאָך וואָס דערציילן מעשות?

דער אויוון ברענט דאַרף מען אַרבעטן, בראָנפן איז אויך נישט נויטיק.

דער עולם האָט אָנגעהויבן צו רעדן געגן די וויצן, געגן די מעשיות און געגן בראָנפן נאָר זאָליע האָט געטריבן קוראַזש:

— אַז אַ רוח אין דער וועלט אריין, אַז מען זאָל שוין היינט נישט טרינקען קיין ליטקופּ, איז וועו? ע׳, כלאָפּטשאַטאַ, אָט איז דער כוס און אָט דער בראָנפן.

עס האָט זיך פאָרגעשטעלט גושיבאָווסקי דער עלטסטער, הוטניק, אַ אָנשטענדיקער קריסט מיט אַ פאָלקע און מיט אַ צלם אויף דער ברוסט. דאָס איז געווען אַ שטילער סאָלידער מענטש, אַ גוטער פאַכמאַן, וואָס האָט נאָך געאַרבעט ביי די אַמאָליקע שווערן און וואָס איז יאָרן לאַנג געאַכטעט געוואָרן פון אַלע בעלי הבתים.

ער האָט אָנגענומען דעם גרינעם כוס, אַנאַנדערשמאָל וואָלט ער אפשר בעהאַלטן עפּעס אַ שטיקל טאָסט, צוגעוואונטשען שטיל מיט אַ ערנסט - ציטערדיק קול ווי אַ גלח, היינט האָט ער נאָר איבערגעקערט דאָס בלעזל און געמאַכט אַמינע ווי ער וואָלט אויס־טרינקען עסיק. טאָלמאַ האָט סתם באַלד אויסגעטרונקען „דאָס וואַ־סער" האָלב אויסגענאָסן און אַש סטעלמאַך האָט געשאָלטן:

— ניעך זשעש קאַטשקי ודעפּצאָן, פּראַחדזשיוואַ וואָדאַ!

דער עולם האָט געטרונקען כסדר און עס האָט אויסגעזען ווי יעדער פון זיי קומט אַ גאַנצער און גייט אַוועק אַ געסמטער.

ביסלעכווייז זענען זיי זיך צוגאַנגען צום אויוון, עס איז געוואָרן ליידיק ארום בעל שמחה. ליטמאַן האָט אויסגעטרונקען „זמוסו" עס הייסט, ער האָט נישט געקאָנט מעיז פנים זיין פאַרן נייעם בעל - הבית, ער האָט אויך אָנגענומען אַ פול מויל געקאָלערט עס אין די קיילעכדיקע באַקן אַ פּאָר מינוט און אויסגעשפּיגן עס אין אַ ווינקל.

קורח האָט נאָך געגרופן דעם עולם און געטרייסלט מיטן פלעשל אין דער לופטן: ווער עס וויל טרונקען? קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. דער רויטער איז געוועזן פריילעך און ער האָט געקוקט און אַלע זייטן מיט געמאַכטע גוטע אויגן:

— אפשר דו? אפשר דו? דערנאָך ווען ער האָט דערזען חנקען פון וויטן האָט ער אַ מאַך געטון מיט אַ גלעזל אין דער הויך.

איך האָב זי אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און ווען קיינער האָט נישט געזען האָב איך איר אַריינגעשעפּטשעט אין אויער:

— גיי נישט אַהין, ער איז נישט דיין בעל הבית און זיין בראָנפן דאַרפסטו נישט טרינקען;

חנקע האָט קיין בראָנפן נישט ליב געהאַט נאָר זי האָט נישט פאַרטשאַנען וואָס הייסט עס נישט פאָלגן אַ בעל הבית און זי האָט זיך ארויסגעריסן פון מיר און אַנטלאָפן אַהין.

אין דער מינוט איז עטוואָס פּאָרגעקומען, חנקע האָט גענומען דאָס גלעזל צום מויל, האָט עס פלוצלינג אַרויסגעלאָזט פון האַנט און צעבראָכן. אַלע פאַרזאַמלטע ארום האָבן אָפּגעטרעטן מיט אַ בהדרת־כבודיק שטיל - שווייגן.

## מײַנע דאגות.

װאָס מער איך האָב געפילט אַז זאָליע דער טעפּער װערט דער הערשער פון אונזער אַלטער הוטע, אַלץ מער האָב איך געפילט װי עס לײגט זיך עפּעס טונקעלעס אויפן האַרצן. אין שלאָף און אויף דער װאָר האָב איך זיך אָפּטערס באַגעגנט מיט עפּעס אַ רויטער פײַערדיקער סאַלאַמאַנדראַ און אַלץ מער האָט מיר אײַן געזאַנג געבויערט אין מח: אַרויסצורײַסן די יתומדיקע פאַרהפקרטע חנקע פון דעמאָנישן פײַער - לעבן. אַװעקצונעמען זי פון אויװן און פאַרמשפּחהן זי מיט מענטשן.

איך האָב למשל געװאוסט אַז חנקע בענקט נאָך אַ פּאַטשײלע מיט רויטע אַרבעס װי די ציגײַנערן סאָװע, און אַז זי האָט ליב רויטע קרעלן און אַז טײלמאָל פרײַטאָג פאַרנאַכט, װען זי װאַשט אָפּ די ברודיקע פיס פון אַ גאַנצע װאָך, רעדט זי פון שײנע שיך מיט קנעפּעלעך.

און אָט האָב איך איר אײנמאָל דאָס פּעקל געבראַנגט און געזאָגט אַ דרײטערנדיק מיטן טיכל אין דער לופטן:

— אָט האָסטו דיר אַ טיכעלע, װאָס איך האָב דיר פון שטאָט געבראַנגט. און אָט קרעלן און שיך.

חנקע האָט צוערשט אַוועקגעשאַרט די אָפּגעסמאַלעטע לאָקן פון פאַר די אויגן, געגומען זיך איינקוקן אין די חפצים מיט וואונדער.

חנקע האָט געוואָלט דאַנקען, אירע אויגן האָבן זיך פּלוצלינג אָנגעצונדן מיט וואַרימע פייערלעך, נאָר חנקע איז צו קיין דאַנק־ווערטער נישט צוגעוואוינט געווען, האָט זי געשטאַמלט:

— אַצינד האָט מיר יואלטשע געמאַכט פאַר אַ פּריצה, אַ שיינע פּריצה, זיידעשי זעען סאַראַ פּריצה.

דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָב איך אין אירע אויגן דערזען פייערלעך און אַנטציקונג אויף אירע באַקן. איך האָב די געווייבלעך צוגעוואוינטשן צוריסן עס געזונטערהייט און געזאָגט צו ליטמאַנען: אי״ה חתונה מלבושים. דער אַלטער האָט צוגעגעבן

— הלוואי!

נאָר חנקע האָט פּראָטעסטירט:

— חתונה מלבושים? איך וויל נישט קיין חתונה מלבושים, חתנים זענען שלעכטע, חתנים שלאָגן!

— אַ? חתנים גאָר שלאָגן? נאַט אייך אַ נייעס חתנים גאָר שלאָגן! וואו האָסטו עס געזען אַזעלכע חתנים? האָב איך געפרעגט איראָניש.

— גיי, וועסטו זעען ווי סטאַך דער היצעל שלאָגט וואַנדען און פּאוועל פּיק הרגעט מאַגדען, האָט חנקע נאַאיוו געזאָגט.

— ביי דיר שוין מיט אָט די זונטאָג־שקצים, האָב איך דרייסט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, הער אויס, חנקע, דאָס וואָס איך וועל דיר היינט זאָגן וועט זיין פריילעכע נייעס. אין צוויי וואָכן אַרום פאָרן מיר אין שטאָט און דאָרט אין שטאָט האָב איך פאַר דיר חייסטו וואָס? אַ בחורל אַ גאָלד, אַ בחורל אַ ברילאַנט, האָט דאָס בחורל צוויי קי איינע הייסט „זאָשאַ“ די צווייטע „ראָשאַ“ חנקע האָט טיף אָנגעשטעלט די אויגן צו מיר.

— אַז מען מעלקט אויס זאָשען רוקט זיך צו ראָשאָ און װען ראָשאָ װערט פאַרטיק קוקן זיי זיך אָן ביידע ווי טויבן.

חנקע האָט אַ שמייכל געטון, עס איז איר געפעלן.

— זאָשאַ מיט ראָשען לעבן גוט נאָר דו מיטן בחורל װעסט לעבן נאָך בעסער ווייל ער איז אַ גאָלדן בחורל און אַ בריליאַנטן בחורל.

חנקען זענען דאָס מאָל מיינע װערטער געפעלן. זי האָט מיך אויסגעהערט ביזן סוף און אַריינגעפרעגט דאָס וואָס עס איז איר שטענדיק נויטיק געווען צו וויסן:

— און אַ הוטע האָסטו?

איך האָב שיר נישט אַרויסגעפּלאַצט מיט װערטער אַז עס איז אַ ליגן. אי זאָשאַ אי ראָשאַ אי דאָס בחורל אי די הוטע. נאָר איך האָב מיך געהאַלטן אין טאָן:

— אַ הוטעטשיסקע, אַ לענג אַ ברייט אַ גרייס אַ פייער.

חנקע האָט ביים װאָרט פייער אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. עס איז זיי געפעלן דער פּלאַן, מערסטנס חנקען טאַקע װאָס האָט אויפן גרונט פון דער נייער הוטע מסכּים געווען מיטן חתן און זי די ערשטע האָט אַ געשריי געטון:

— זיידע איך גיי!

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָב איך געמוזט אויפבויען אין זייער פאַנטאַזיע אַ הוטע אַ לאַנגע, אַ ברייטע און אַ ווייטע. ווייל װאָס מער איך האָב גערעדט פון אַ גרויסן פייער, אַלץ מער האָב איך חנקען אָװעקגענומען פון זאָליעס אויװן.

— ווער װעט פאַרלאָזן, פרעגט איר די הוטע?

איך דו און עץ ר׳ ליטמאַן, האָב איך אויסגעשריגן מיט שמחה צו חנקען און ליטמאַנען און איר מיינט אויף פּוסט? אַז אַרוח אין דער װעלט אַריין, איך האָב זיי אָנגעוויזן אויף אַנייעם פּיסטאָלע; װאָס איז געהאָנגען אויף דער װאַנט. הענגט שוין די גייע ביקס.

וועלכער גזלן אָדער גנב עס וועט קומען אין דער גייער הוטע, דעם שיס איך דעם ערשטן און דו, האָב איך געזאָגט צום הונט בוראַק, וועסט מיר דעם טויטן ברענגען פאַרן קאָפּ צו שלעפּן און עץ ר׳ ליטמאַן פּאַקטס איין דעם בורקע - פּאַלטאָ מיט די פוטערנע הענטשקעס ...ן אַ רוח אין דער העלט אַריין. מיר גייען אין אַ גייער הוטע אַריין:

ליטמאַן האָט מיך אָנגעקוקט מיט א פּאָר גוטע גרינע אויגן. די אויגן האָבן זיך געבעטן אַ וואַלד, אַ געדיכטן, גרויסן וואַלד.

— אָבער א וואַלד, אָבער אַ הוטע! האָב איך אַ מאַך געטי מיט די הענט, כּדי זיי צו באַצויבערן.

ביידע זענען גליקלעך געווען. ליטמאַן האָט מיך לאַנג אָנ-געקוקט ווי אַ קינד דערנאָך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ מורמלענדיק צופרידן;

— א לעבן אויף יואלטשען! פגרן זאָל זאַליע סיגר מיט דער הוטע! בגנבענען זאָל מען אים די קופּעס גלאָז, אַוועקטראָגן זאָל מען אים!

ליטמאַן האָט זיך געפרייט, אונטערגעטאַנצט מיט די שווערע פיס ווי אַ קינד און גערעדט;

— פּאַק, פּאַק, מוידטשינע, פּאַק איין די זאַכן, ברענגען זאָל זאָליע ווי אַ פייער

ליטמאַן האָט אונטערגעטאַנצט און צוגעפּאַטש פּאַטשע פּאַטשע קיכעלעך און חנקע ווי אַ קינד האָט נאָך אַלץ זיך געפרייט אי מיט דער גייער הוטע אי מיט די נייע זאַכן.

פונאַנדערגעוואָרפן, באַטראַכט זיי, אָנגעמאָסטן און געקוואָלן. דאָס מאָל פון זיך אַליין, אפשר דערפאַר וואָס די הוטע מיטן צו-געגרייטן חתן גדליה און ראָשא מיט זאָשען האָבן זיך אויסגעגאָסן אין איין איינציקן ליכטיקן אויסדרוק פאַר אירע אויגן?

ווי עס זאָל נישט זיין האָב איך באַמערקט אַז דאָס צייללאָזע אויסטע מיידל האָט ארייגעצויגן אין זיך דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן דעם ערשטן ציטער פון אַ פרייד. דאָס ערשטע מאָל האָט זי עפּעס פאַרלאַנגט, געשטרעבט זאָל זיין ראָשע מיט זאָשען אַפּילו.

אין עטליכע טעג ארום האָב איך באַמערקט שוין חנקען יעדן פון נייעם אויוון ווי פון אַ געשעעניש און אַ וואַרעמע פרייקייט האָט געהערשט אויף איר פּנים.

זי איז צוגעקומען צו מיר אַלע מאָל אַ אָנגעצונדענע און אַרייגעפרעגט זיך מיט טיפער בייגעריקייט;

- איז זאָשאַ אַ רויטע אָדער אַ ווייסע? איז גדליה אַ שיין אָדער אַ מיאוס יינגל, ליגט די הוטע ווייט אָדער נאָענט פון שטאָט? שטייט זי צווישן וויכן ליים אָדער צווישן שטיינער, איז וואַלד דאָ געבויג ארום און צי גייט דער אויוון אויף איין קוימן אָדער צוויי קוימענס.

דאָס אַלץ האָט זי געוואָלט וויסן גענוי און ווען איך האָב איר געגעבן אַ באַפרידיקנדיקן ענטפער האָט זי פּלוצלינג ארויס-געלאָזט אַ פריילעכן „הוא" און איז גליקלעך געווען.

---

## קורח פרעגט.

דערווייל האָט דער זומער אנגעהויבן צו שפּאַנען מיט גרויסע טריט, עס האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו ווערן אומעטיק און רויקער אַרום דער הוטע. די פאַרביקע וואַלד-פייגל וואָס האָבן זיך אין די פרימאָרגנס געדרייט ביים סאַמע שפּיץ פון שאָפּע, זענען זיך פלוצלינג צעפלויגן, דאָס קוואַקען פון פרעש איז פאַמעלעך ווי פאַרלוירן געוואָרן, סוחרים זענען געקומען ווייניקער, דאָס שיסן מיט הייס גלאָז לכבוד די בעל הבתים, וואָס האָט זיך אין פרילינג-צייט אַזוי פיל מאָל איבערגעחזרט, האָט אינגאַנצן צום סוף זומער אויפגעהערט.

דאָ און דאָרט אַרום דער הוטע איז אָנגעוואָרפן מיט גלאָז, מיט בוטליעס מיט צעהאַקטע גאָנשאָרס און סתם בראַק-אַרבעטן, וואָס די הוטע האָט אין פאַרלויף פון זומער אויסגעשפּיגן. נאָר דער געדיכטער שוואַרצער רויך האָט געזעצט פון אַלע זייטן, פון די דינסטע שפּאַרעס און לעכער האָט ער זיך געריסן צום הימל ווי אַ מחבל, ווייל די צייט איז קורץ. דער הערבסט קלאַפּט שוין מיט זיינע גרינע פינגער אין די טירן פון דער הוטע, ימים טובים דערנענטערן זיך און יידן דאַרפן פלעשער. איילט ער זיך דער אויוון

סיקעט און קוויטשעט און פישטשעט און שיקט אַזאַ געדיכטן רויך אין הימל אַריין שיער נישט דערשטיקט צו ווערן.

זאַליע און זיינע זין האָבן שוין זעלבסטפאַרשטענדלעך געטון אַלץ וואָס מען דאַרף טון אין סוף זומער. כדי די מענטשן זאָלן נישט קראַנק ווערן אויף כאָלערע האָבן זיי אויסגעשמירט די רינשטאָקעס און דעכער מיט סמאָלע און אָנגעהויבן די צווי פלומפלעך ביי דער הוטע איינצוויקלען מיט שטרוי.

קיין אויבס פון דער געגנט אַרום האָבן זיי נישט צוגעלאָזט סיידן געטרוקנטע בארן און דאַרע פלוימען און דאָס צוליב דעם אַז די כאָלערע זאָל זיי נישט נעמען. זאַליעס אויגן האָבן היינט אויסגעזען מאָדנע. זיינע געדיכטע גראָבע פאות זענען געווען אויפגעשטעלט ווי ביי אַ וואַלד־גזלן, ער איז געשטאַנען געגן פייער מיט די הענט אויף הינטן ווי אָפּצוהאַקן עמיצן דעם קאָפּ, געקוקט מיט די בלאָע אייגעלעך און באַפוילן:

— עי דאָרט, וויניקער געווישט דעם שטערן און מער געאַרבעט! דאָס פייער וואַרט נישט, דאָס פייער פרעסט האָלץ.

פון אַנאַנדער זייט זענען אַרומגעגאַנגען ביידע זינדלעך. די יינגע מערדער האָבן זיי אויסגעשטרעקט צו יעדן די אייזערנע שטעקעלעך און דערמאָנט:

— נו נו, נישט געשפּילט זיך! שפּילן איז צייט אויף יענער וועלט.

אַפילו די הינט זייערע זענען אַרומגעגאַנגען מיט צוגעהאַקטע מאָרדעס געוואָרקעט אין דער שטיל און עס האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אָט אָט צערייסן זיי די מענטשן.

די מענטשן זענען געוואָרן טויטע. אויף אַלע צוועלף וואַרשטאַטן האָט מען געאַרבעט אין איין אָטעם, מיט איין שטילן פיבער. עס האָט קיינער דעם צווייטן נישט איבערגעריסן און קיינער האָט קיין וואָרט צום צווייטן נישט אַרויסגערעדט.

אָט איז געשטאַנען גזשיבאָווסקי, דער הויכער סאָלידער אַרבעטער, און האָט פון זיך אַרויסגעיאָגט די נשמה, געבלאָזן אין דער גילזע, אַרייגעוואָרפן דאָס הייסע מאַטעריאַל אין פורעם און געטריבן עס צום קילן אויוון.

טאַלמאַ האָט פיבערהאַפט שנעל געשליפן די גלעזער, יאַש סטעלמאַך האָט אין שאַפע געפיילט די קופערנע פיסקלעך פון די בלאָז - אינסטרומענטן. עס איז געגאַנגען אַ פיבערהאַפטע אַרבעט און אויף די אַרבעטער איז געלעגן אַ טרויער און אַ מורא און ווען עס איז דורכגעגאַנגען עמיץ פון די פריערדיקע הוטניקעס האָט מען פון די אַרבעטער דערהערט אַ זיפץ.

חנקע האָט נאָך געאַרבעט נאָר דער ווילדער פייער - אָטעם איז שוואַכער געוואָרן אין איר זינט פון איר געדאַנק האָט זיך אָנגעהויבן וועבן די שטאָט מיט אַנאַנדער הוטע — אַ היימישע הוטע.

זי האָט פשוט איצט שוין אַרויסגעוויזן גרינגשעצונג צו דעם אויוון, נאָר דער פּאָר וואָס מיינער, דער קינפטיקער האָט זיך איר פאַרגעשטעלט רייכער אין פייער און אין גלאָז. פלעגט זי צעברעכן אַ פלאַש אָדער אַ גאַנשאָר און לאַכן:

— ברענען זאָל ער אָט דער זאָליעטשיסקע און אַז מירן אוועק וועלן אים וועלף צערייסן.

זאָליע האָט געפילט אַז די מענטשן זענען אים נישט געטריי, האָט ער זיך אָפּט אונטערגעגנבעט און מיר געשטאַכן:

— אפשר וואָלט עך שוין געגאַנגען אין אייער רו אַריין, אַז דאָס געלט האָב איך שוין במזומן איינגעצאָלט?

איך האָב אַ שמייכל געטון נישט באַליידיקט:

— מיט גרויס נחת וועלן מיר אוועק פון דאַנען ר' זאַגוועל אָר מיר מוזן נאָך פּאַקן די הונדערט קאַסטנס גלאָז, עס מאַכט זיך נישט איבערן טאָג.

זאַליע האָט איינגעקנייטשט די בלאָע אייגעלעך און גיפטיק באַמערקט:

— אפשר וואָלט איר נאָך צוגעפּאַקט אָט די פאַלשע הינט, אָט די פאַלשע מענטשן אייערע?

— זיי זענען עס די פאַלשע הינט ר׳ זאַנוועל?

— כע, גייטס אין טעפּעריי ווערט עך זעען, מענטשן דאָרט גייט אַ אַרבעט ווי אין גן - עדן פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט ווי אַ זייגער, און געצאָלטס אַ קרענק, אַשטיקל ברויט מיט קדחת באַשמירט און דאָ גייען אַרום פּריצים.

זאַליע האָט גראָב אַקצענטירט דאָס וואָרט „פּריצים", אויסגעצויגן דעם לאַנגן סענקעוואַטן שטעקן צו חנקען וואָס איז געשטאַנען נאָענט און געמורמלט צאָרנדיק:

— נעם זי דיר מיט, קאָן קיין קאַץ אַ ווידל נישט צובינדן, די כאָלערע! דאַר ווי אַ קאַץ פּרעסט ווי אַ בער און אַרבעטן קדחת!

דער שטעקן האָט זיך צוערשט אויפגעהויבן פאַמעלעך ווי אָנצוווייזן אויף איר, אָבער אין דער מינוט איז ער אַראָפּגעפאַלן אויף אירע אַקסלען און זאַליע האָט אויסגעשאָסן:

— אַ פייער זאָל זי פאַרברענען!

איך האָב דעם עק פון שטעקן אָנגעכאַפּט און שאַרף באַמערקט:

— ר׳ זאַנוועל, וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאָגן? מען קאָן מענטשן אָפּשאַפן, נישט געבן צו עסן, אָבער שלאָגן און שעלטן?

— כע, דו ועסט מיר פאַרווערן צו שעלטן די מענטשן?

— יאָ ר׳ זאַנוועל, זיי גייען נישט אַרום אויף אייער וועלט.

— נו אויב אַזוי זאָל איר טאַקע דער אויוון פאַרברענען, האָט ער אויף צו להכעיס געטשעפּעט מיט מיר, און דו גיי אין דיין רו אַריין.

איך האָב געהאַט גרייט אַ שרעקלעך וואָרט פאַר זאָליען. איך האָב אים געוואָלט צו ווינטשן אַ ברכה, אַז מיט איין יאָר שפּע־טער זאָל ער איבערנעמען חנקעס ראָלע. נאָר איך האָב די ווערטער באַהאַלטן אונטער די ליפּן און באַמערקט ווי חנקע וויקלט זיך פון קלאַפּ ווי אַ שלאַנג און שטעקט שאַרף אַרויס אַ צונג זאָליען.

---

## הערשעלעס אָפּפּאָר.

הערשעלע דערווייל איז שוין געשטאַנען גרייט. אָפּגעריכנט זיך בשלום מיט זאַליען און מיט די אַלטע פאַרפּלאָנטערטע חשבונות וואָס ער האָט געהאַט מיט מיר פון לאַנג האָט ער אויסגעצויגן דאָס כשרע ווייבערשע הענטל צו טרינקען לחיים מיט אַ לעצטן כוס פאַר־מיין און זאַליעס געזונט, און געהייסן סיי יאַשען סיי פּייטלען דעם שטוב - מענטש שפּאַנען די פערד אין שטאָט אַריין.

און אָט האָט מען שוין געזען וואַרפן אויף די פורן די נייע מיט נאַפּטאַלין איינגעשפּאָטענע פוטערס, קוישן, קופערס ביכער, ספרים, גמרות, גאָנשאָרס מיט וויין, טעפּ מיט איינגעמאַכטס און סתם „סלאָיקלעך" ווי פון אַ אַפּטייק.

הערשעלע איז פאַרן אָפּפאָרן אַרומגעגאַנגען אַרום אויוון־בּישט נאָר צו געזעגענען זיך בלויז נאָר לאָזן מענטשן אַ „לעצט־געלט". דאָס איז שוין זיין טבע געווען, וואו ער איז געקומען, וואו ער איז איינגעשטאַנען צו לאָזן מענטשן אַ פעטן „לעצט - געלט".

אויסגעטוישט צוויי דריי - רובל - דיקע אויף פּערציקערס, איז ער אַרויס צום אויוון איינצוטיילן עס און געזאָגט גלייך צו־אַלעמען אַ גוטן טאָג.

עטיעלע ברוינשווייגער איז געווען אין קוראַזש. געוואוסט אַז זי ווערט שוין פטור פון פּרעגלען די איינגעמאַטסן „אונטערן פּוסטן שניי" איז זי געווען אין דער לאַגע צו צעקושן די גאַנצע וועלט די פאַרבן זענען איר געשטאַנען אין די באַקן און די אויגן האָבן מיט ווייבערשע ליבע געשמייכלט צו יעדן:

— און הלוואי רב"שע זאָלט איר שוין אויך פטור ווערן פון דאָרף, ווער מיר גוטס גינט, זאָל וואוינען צווישן מענטשן מיט מענטשן גלייך. און זי האָט געהויבן די אויגן צום הימל און פאַלש געזיפצט.

נאָר גאָלדעלע בראָנשווייגער האָט זיך געפילט מאָדנע שולדיק פאַר מיר, מסתמא דערפאַר וואָס די תנאָים מיט בערגערן זענען שוין געשטאַנען צו קאָפּנס.

זי האָט מיר איצט נישט בערגערס בריוו, און נישט זיין פאָטאָגראַפיע געוואָלט ווייזן און עפּעס איז איר פּנים געווען ערנסט אינגאַנצן אָן שמייכלען און אָן זומערשפּרענקעלך. ערנסט, געלאַס, און שטיל האָט זי מיר דערלאַנגט דאָס לאַנגע ברוינע בינטל פינגערלעך און געזאָגט ווי צום אָפּשייד:

— אַדיעי, אַז יואָלטשע וועט זיין אין שטאָט זאָל ער אַריבערגיין צו אונז, כמיין אַזוי.

אויף וואָס איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ איידל, מיט טיפן וואונטש: בעזונטערהייט.

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער מוטער עפּעס זיך מיט איר דורכגערעדט, אַריין אין שטוב און אַרויסגעקומען אָנגעטאָן ווי אַ פּריציש מיידל מיט אַ הויך ברוין היטעלע און אַ טונקעלן וואואַל. די מאַמע האָט זיך אפילו מיט איר געשפּאַרט, אַז די „וואואַלקע" זאָל זי אָנטון אין שטאָט, נאָר זי האָט זי באַלד אָנגעטון.

גאָלדעלע איז אַרומגעגאַנגען נאָך איידער דער עולם האָט זיך

געזעצט אויף די פוהרן ווי צו באווייזן זיך אַלס קינד פון דער גרויסער שטאָט. זי האָט גערעדט אי מיטן בעל עגלה אי מיט די שכנים אי מיט די הוטניקעס און געזעגנט זיך גרויסשטעטיש. מיט מיר האָט זי נאָכן געזעגענען זיך אויסגעמיטן צו רעדן, אויס איידל־קייט. מיט קיין געזעגנטן רעדט מען נישט. איך האָב אויך געטון דאָס אייגענע, איך האָב אַ וועקגעדרייט דעם קאָפּ, אויסגעמיטן איר צו באַגעגענען, מיט קיין געזעגנטן רעדט מען נישט

דאָס לעצטע קיישעלע מיט גלעזערנע חפצים בינטעלעך, פּעסעלעך, טעלערס אויף מצת וואָס הוטניקעס האָבן געמאַכט פאַר „אַ לעצט געלט". הערשעלען האָט גענומען פייטל און זיך איינגעזעצט פון הונטן אויף דער פוהר צו באַגלייטן זיין קרעדיטגעבער אין שטאָט אַריין.

באַלד נאָכדעם האָט מען אונטערגעהאָלפן די מאַמען אַרויפּ־צוקלעטערן אויפן זיץ און הערשעלע האָט אַליין אַוועקגעשטעלט דאָס זגראַבנע פּיסל אויפן ראָד און איז אַריין אין וואָגן.

די מינוט איז געוואָרן ערנסט. איך האָב באַמערקט, אַז אי ביי עטקעלע בראָנשווייגער אי ביי גאָלדעלען שטייען טרערן אין די אויגן און די מאַמע זאָל לעבן האָט אַפילו געגעבן אַ וויש מיט אַ פינגער ביי אַנאויג אויס געוואוינהייט ווען זי פלעגט פון ערגעץ אַ־וועקפאָרן. און אויך ביי מיר אין די אויגן איז געשטאַנען אַ טרער, יענע טרער ווען עפּעס נאָנטעס הויבט זיך אָן אָפּרוקן פון דיר.

די פור האָט זיך גענומען רירן. איך האָב לאַנג נאָכגעשאָ־קלט מיטן קאָפּ, עס איז מיר באמת אַ שאָד געווען אי דאָס ווייבערשע יידל הערשעלע, אי עטיעלע מיט די פּערציקערליי איינגע־מאַכטסן אי גאָלדעלע מיט בערגערס בריוו.

דער דרויסן איז געווען אַ סוף זומערדיקער, איינער פון יענע פאַרנאַכטן, וואָס כאָטש די זון ברענט נאָך מיט אַ גוטער וואַרמקייט, פילט מען שוין אין זיי דעם ווינטער און די שוידער

קעלט און איך האָב געפילט אין מיר אַ בענקשאַפט נאָך עפּעס און באַשטימטעס, נאָר ווייטעס נישט דערגרייכנדיקס.

איך בין אַ מינוט נאָכגעגאַנגען די פור, כאָטש די פור איז שוין געווען אַ וויאָרסט וויים און באַמערקט ווי בוראַק דער הונט גאַלאָפּירט נאָך נאָך דער פור און קומט דער נאָך סוף כל סוף צוריק ווי אַ אָפּגעשמיסענער.

און אָט האָב איך מיר צוריקגעקערט מיטן קאָפּ אַ ראָפּגעבויגן לאַנגזאַם טריט ביי טריט ווי אַ אבל מיט אַ אומבאַשטימטן טרויער. איך האָב פון ווייטנס דערזען זאָליען מיט זייגע זין מונטערע און עמיצנס קול האָט גערעדט:

— זאָל ער פאָרן אין דער ערד אַריין!

## מיר פאָרן אויך . . .

די מענטשן פון אַרום דער הוטע, אויף וועלכע עס איז גע-
לעגן זאָליעס לאַסט האָבן זיך דערוייל געשעפטשעט שטיל וועגן
דעם אַז דעם נייען בעל - הבית זאָליען וואָלט גוט געווען אָנצו
הענגען אַ שטריק מיט אַ שטיין און לאָזן אים אין וואַסער. דאָס
איז געווען אין די ערשטע טעג, נאָר אַ שטיל שושקעריי. שפּעטער
אָבער האָט מען גענומען רעדן ערנסט פון דער זאַך. עס וואָלט
זער גוט געווען אים, זאָליען, צובינדן די הענט און פוס און אַ
אָפּלאָזן אים צום גרונט ווי אַ טויטן קאַטער.

איך האָב גוט געקענט די הוטניקעס און געוואוסט אַז אויב אַ
הוטניק וויל עמעצן מאַכן פאַר אַ טויטן קאָטער, מאַכט ער עס.

אָט דער מוראדיקער געדאַנק צוזאַמען מיט דער פוסטקייט,
וואָס איך האָב געפילט אַרום זיך, מיט דער בענקשאַפט נאָך הער-
שעלעס הויז און מיט דער טיפער שרעק פאַר חנקעס לעבן, האָט
מיך גענומען אַוועקציען מיט טויזנטער פעדים פון דער הוטע.

אָט האָב איך איינמאָל געגעבן אַ שטעל אויס די צען פורן
מיט גלאָז וואָס עס האָט נאָך געהערט צו אונז און באַמערקט די-
בעלי עגלות:

— קינדערלעך, נעמטס אַלץ ווייל דאָס איז די לעצטע פורן אונזערע וואָס גייען אין שטאָט אַריין.

און אַלע האָבן מיט איינמאָל אַ קלויב אויף געטון דאָס לעצטע פאַרוואַלגערטע פון דאָ און דאָרט, און די פורן האָבן דעם לעצטן מאָל גענומען אַפּגיין.

ערשט איצט האָב איך שוין אַ טראַכט געטון וועגן מיין בריטשקעלע מיט אונזער רויטן פעטן פערדל קוזמאַ בראַש, אָבער עס האָט נאָך געמוזט דויערן דריי טעג. זאַליע, וואָס האָט כסדר געוואָלט פטור ווערן פון חנקען און ליטמאַנען האָט צוגענומען אַנ־דערע מענטשן אויף זייער אָרט און די מענטשן האָבן באַדאַרפט אָנקומען מיט דריי טעג שפּעטער.

חנקע האָט נאָך געמוזט בלייבן ביים אויוון אָבער ליטמאַן איז שוין אַרומגעגאַנגען אַ פרייער מענטש אויף דער וועלט.

איז ער ווי אַ באמת אַ געטרייער מענטש כסדר געלעגן אין וואַלד און געטראַכט ווי אַזוי זאַליען דאָס אויער אויסצומאַכן און אַריבערטראָגן דאָס אַלץ וואָס זאַליע פאַרמאָגט צו זיך אַ היים.

אָט איז ער כסדר געשטאַנען אין וואַלד געקליבן ווילדע ניס און געברענגט צו שלעפן גאַנצע פאַרטוכער. טייל מאָל האָט ער גענומען מיין פיסטויל און געברענגט געשאָסענע האָזן און יאָ עס איז אים איינגעפאַלן אַ כשרער געדאַנק אויסצוכאַפּן דעם גאַנצן וואַלד וועוויאָרקעס, קיינער האָט אים דערין נישט געקאָנט שטערן ער פלעגט מיט גרויס שמחה קומען אַלע מאָל צולויפן מיט אַ פילקע רויטע בעשעפענישן און גאַווערן אַזש פון גליק:

— אָט האָב איך זיי, אָט וואַרף איך זיי אין קלאַטקע, אַ קרענק וועל איך זיי אים לאָזן דעם גאַנצן וואַלד אויסכאַפּן!

אַנו ווי מיינסטו צוויי גילדן פון אַ שטיק וועט דאָך זיין?

ער האָט מיר געוויזן די וועוויאָרקעס און ער האָט געגאַ־ווערט ווי אַ קינד. און איך האָב געשמייכלט. אַ חוזק מיטן אוי־

באַפּן די ווערוויאָרקעס פון וואַלד - רויב האָט זיך ליטמאַן פאַרנומען
מיט וואַשן און באָדן בוראַקן, אונזער פערטן חבר, וועלכער האָט
אויך געדאַרפט גיין אין שטאָט אַריין.

טאָג טעגלעך האָט ער אים געוואָרפן אין טייך און אויסגע-
ריבן די אויערן מיט זייף ווי זיינס אַ קינד. בוראַק איז צופרידן גע-
וועזן. און אַזוי האָבן מיר נאָך געוואַרט אויף חנקען.

זי אָבער איז געפלויגן אַרום אויהן ווי אַ שאָטן און האָט
אונטערן איינדרוק פון די לעצטע טעג אָפּגעטון מאָדנע שפּיצלעך
זאָליען.

צעבראָכן פלעשער, געוואָרפן אין זאַמד און סתם פאַרנאַכ-
לעסיקט די אַרבעט

זאָליע איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אויף די פיס און איר
געהיט. זאָליע פלעגט היטן מענטשן ווי גנבים, איבערהויפּט ווען
זיי האָבן געדאַרפט אַוועקגיין פון אים. עס איז נישט קיין נפקא
מינה צי איז דאָרט געלעגן זאַמד אָדער צעבראָכען גלאָז אָדער
שטיינדלעך. אַ מענטש גייט אַוועק און ער נעמט עפּעס מיט זיך
מיט,

און דאָס מאָל מער ווי שטענדיק איז ער געשטאַנען אונטער.
געלעגט אויפן סענקעוואַטן שטעקן און געשפּיזט מיט די אויגן צו
חנקען. זעענדיק די עולות וואָס חנקע טוט אָפּ אין די לעצטע טעג
האָט ער שהענווייז געוואָרטשעט אין זיך ווי אַ ווילדער הונט אויף
אַ קייט, וואָס קאָן נישט בייסן. נאָר פלוצלינג איז ער אַרויס
מיטן מויל:

— אַז אַ פייער זאָל זי פאַרברענען!

חנקע האָט די קללה אויסגעלאַכט, דען זי האָט איצט גע-
חלומט פון אַ נייעם גרויסן פּלאַץ, פון אַ ברייטער הוטע, פון צווי-
יי זאָשע און ראָשע און אַ חתן, וואָס שלאָגט נישט די כלה. האָט
אַלע מאָל צו זאָליען אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגע צונג און געכגעדט'

— זאָל דיך אַ פייער פאַרברענען!

ערשט אין לעצטן טאָג האָט זיך חנקע גענומען באַפרייען פון אויוון.

דעם לעצטן לעצטן שאָס אויס האָט זי געטון מיטן הייסן גלאָז אין וואַסער. דעם לעצטן טרומייט דורך אַ צעבראָכענע פלאַש. אַ סימן אַז איר אַרבעט איז געענדיקט. און דעם לעצטן לעצטן קווייטש:

— הוררא אייוועלע, טייוועלע פיף פאַף טייוועלע.

מיט דעם קווייטש האָט חנקע אַלע יאָר איר אַרבעט געענדיקט.

דעם לעצטן טאָג, גאַנץ באַגינען איז חנקע געשטאַנען ביים פענסטער און באַזאַכט געגאָסן נאַפט אויף די פינגער, געריבן די בעגל און הויט פון דער ברודיקייט וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אונטער דער הויט שוין פון יאָרען.

זיך מיט ליטמאַנען זענען מיר געשטאַנען איבער איר און דיקטירט:

— אָט דאָ וואַש. אָט נאָך אַביסעלע, נאָך דאָ.

געענדיקט וואַשן האָט זיך ליטמאַן אַריינגעלאָזט אין איר קאָפּ מיט אַ מאָדנער זייף - מידליענע און חנקע האָט אירע פאַרסמאַלעטע אויסגעוואַשענע האָר פאַרקעמט אין צוויי צעפּ. ערשט איצט איז דייטליכער געוואָרן דאָס געשטאַלט פון מענטשן, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אייביק אונטער די לאָקן.

עס האָט זיך געזען אַ פּנים אין וועלכן עס איז באַהאַלטן געווען אַ צער פון שטענדיקע ווייטאָקן.

דאָס גרינגע ביינערדיקע פּנים מיט די שטילע וואַסערדיקע אויגן איז דאָס מאָל געשטאַנען רויק ווי אַ סטאַטוע. נאָר טייל מאָל האָט זיך אַ ווילדער ברויזנדער געלעכטער אַרויסגעריסן פון איר ברוסט, עס איז אַדורך אַ שוידער דורך די גלידער.

חנקע איז שוין געשטאַנען גרייט, ליטמאַן האָט אויף גיך

געכאפט די גרינע מייטקעס און דעם שטעקן און איך האָב גענומען
פּאַקן די ביכער, די חשבונות און דעם גומענעם מאַנטל און פריי־
לעך אויסגערופן:

— הוררא, חנקע! מיר פאָרן. א לאַנג לעבן ליטמאַן! א לאַנג
לעבן חנקע, איך האָב איר שוין געזען ווייט פון אויוון.

---

## דער לעצטער קדיש.

די פור איז שוין געשטאַנען גרייט מיטן פּנים צום וועג אין שטאָט אַריין ווי ליטמאַנס גרויסע אויגן האָבן זיך שנעל אַ דריי געטון אין די לעכער און ער האָט אַזאָג געטון מיט זיין גאַנצן וואַלדישן פּאַטאָס:

— מוידטשיסקע! מיר פאָרן! נאָר מיר האָבן עפּעס פאַרגעסן מוידטשיסקע, אַלזאָ, דאַוונסטו נישט, לייענסט נישט קיין קריאת שמע און דו ווייסט דערום נישט קיין צייט פון יאָר און טעג. היינט איז דיין טאַטנס יאָר - צייט, אלול, יאָ מוידטשיסקע.

חנקע האָט זיך קיינמאָל נישט דערמאָנט אין יאָר - צייט. האָט זי אָפּגעוואַרט וואָס דע' זיידע וועט איר הייסן טון, עס הייסט אָנגיסן אַ לעמפּל מיט באָמפּט וואָס עס וועט ברענען אַ טאָג מיט אַ נאַכט, דאַוונען מיט אים עפּעס אַ ווייבערישע מנחה און נאָכזאָגן קדיש. און נאָכגעזאָגט האָט חנקע שטיל קדיש מען האָט איר גע־הערט, ווי אַ פרעמד קול פון ווייטנס וואָלט נאָכגערעדט.

כאָטש מיר זענען שוין געשטאַנען גרייט צום פאָרן האָבן מיר פונדעסטוועגן אַזאַ וויכטיקע זאַך ווי קדיש נישט געקאָנט דורכלאָזן.

און אָט האָט חנקע אַרויסגענומען פון די פּעק דאָס קערפּערל פון נאַכט - לעמפּל, אָנגעגאָסן מיט נאַפט און

אָנגעצונדן עפּעס אַנאַלטן טויטן קנויט. עס איז געפאַלן אויף מיר אַ שטילע טונקעלע אימה. עס איז אָנגעקומען דער פאַרנאַכט. און איבער די ווענט האָט זיך געזען אַ מידע רויטלעכע שיין, ווי אויף אַלטע וויסטע ווענט פון אַ הייל און מיר ביידע, איך און ליטמאַן, האָבן מיר געפּראַוועט אַ שטילע מנחה. די מנחה האָט גיכער דערמאָנט אויף דעם געבעט וואָס מיר לאָזן אַ מאָל איבער אויף אַ קבר. דערנאָך האָט דער אַלטער אָנגעהויבן מיט איר דעם קדיש, מיט אַ גראָב ערנסט און פרום קול האָט ער דעם קדיש געמרמלט און חנקע האָט נאָכגעזאָגט ווי אַ שולדיקע:

— ית - גדל וית - קדש...

און דער יתגדל האָט זיך אויסגעמישט מיט דער טויטער רויטלעכער שיין מיט די שפּרינגעדיקע שאָטנס און מיטן שטילן געוויש פון ברענענדיקן אויוון אין דרויסן.

דער קדיש האָט זיך דאָס מאָל לענגער פאַרצויגן ווי שטענדיק, און מיט עפּעס אַ באַהאַלטענעם טרויער - נגון האָט ער געקלונגען אין די אייערן, ווי אַ עכאָ פון אַ שטילן בית - עולם. און איך האָב דעם קדיש מיטגעטראָגן אין הארצן ווי אַ צווייטער יתום. ווי נאָך אַ אבלדיקער, קדיש - זאָגער.

— עי, חנהלע! וואו איז זי?

אָדער אַ רוח וועט איר כאַפּן, האָט פּלוצלינג עמיץ געלאָזט פאַלן אַ אויסגעשריי פון דרויסן און די טיר האָט זיך ראַש געעפנט

עס זענען אַריין ביידע ברידערלעך שייקע בייקע און שטיין געבליבן אונטערגעלענט אויף די שטעקעלעך מיט פּרעטענזיע:

— אָט איז זי, אָט וואַליעס זי זיך שוין אין שטאָט אַריין, די שוואַרצע לונג און לעבער דו, און די לעצטע צוויי הונדערט הייסע האָט זי געלאָזט אויף אונזער קאָפּ.

— און די איז דאָך שוין מער נישט אייערע היינט, האָט זי דאָך שוין צום לעצטן אָוועקגעוואָרפן דעם אייזן.

האָב איך זיך אַריינגעמישט און שמועס.

— אַז דער רוח זאָל איר נעמען! וועך איז שולדיק וואָס דער אויוון קרישלט זיך און פּעטריק דער פּלאַש • כאַפּער האָט געכאַפּט אַ הייסן ציגל אין די פּיס אַריין.

— איז זי דאָס שולדיק, וואָס דער אויוון קרישלט זיך? —

האָב איך אַרויסגעזאָגט שאַרף דעם אויסדרוק „קרישלט זיך" און געגעבן עפּעס אַ שרעקלעכן קוק אויף איר אַז זי זאָל נישט גיין.

חנקע האָט צוגעפּאַקט צוריק דאָס קערפּערל פון נאַפּטלעמפּל וואָס האָט געברענט, ביז איצט איז זי שטיין געבליבן, געקוקט אַ מאָל אויף מיר אַמאָל אויף זיי.

בייקע האָט דאָס מאָל ווייך געמאַכט דאָס עלדיקע פּנים און צוגעזאָגט:

— אַ גאַנצן גילדן וועסטו קריגן אין וועג אַריין. איך זאָג דיר אַ גאַנצן גילדן. מיט אַ פוטערניצע מיט אַ לאַנגן קעז.

נאָר שייקע האָט זיך איינגעשפּאַרט:

— אַ קרענק מיט ברויט באַשמירט נע, זאָלן מיר זען אַז זי זאָל לאָזן דאָס פייער ברענען אויף טרוקן, זאָלען מיר נאָר זען!

ער האָט איינגעקנייטשט אַ פויכט און דאָס שקצישע פּנים האָט גענומען שרעקן. עס איז געוואָרן אַ שפּאַרעריי און רייסעריי, איך האָב געוואוסט אַז דאָס דאַרף נישט לאַנג דויערן, האָב איך נישט ווילנדיק אַ צייכן געמאַכט זי זאָל גיין.

חנקע האָט זיך אַ לאָז געטון אין דרויסן, איך בין איר נאָכ־ געגאַנגען, שטיינגעבליבן און נאָכגעגאַנגען. ליטמאַן איז געבליבן אין שטוב.

עס איז געווען אויסטערליש, אַז ווען איך בין אַרויס אין דרויסן האָב איך באַמערקט אַז דער צעפּייערטער אויוון ברענט היינט שטאַרקער ווי שטענדיק. עפּעס לאַנגע פאַרכשופטע פלאַמען

שיסן אַרויס פון די שפּאַלטן, און כאַפּן אַרום די רואינען פון אַלע זייטן. דער הימל איז געוועזן רויט און די רויטקייט האָט טונקעלער און מוראדיקער געמאַכט די פינסטערע וועלדער פון הינטער וועלכע עס האָט זיך געהערט דאָס ווייטע בילן פון הינט און דאָס שרייען פון די אַרומיקע.

איך האָב מיך אַ טריט צוואַנציק ווייט פּאַרהאַלטן, שטיינגעבליבן און פּאַרמאַכט די אויגן, עפּעס אַ מאָדנע פייערדיק פּנים מיט צעשויבערטע האָר, האָט אַ שוועב געטון פּאַר מיינע אויגן.

איך האָב דאָס פּנים פּרובירט פּאַרטרייבן, נאָר עס איז געשטאַנען נאָענט פון מיר.

דאָס פייער האָט זיך געריסן פון אַלע זייטן מיט אַ משוגענעם פלאַטערן, רייסן זיך וואַרפן זיך אין אַלע זייטן, דער אויוון האָט געברענט דעם הימל און דער הימל האָט עפּעס ווי געוואָלט אָנצינדן די וועלדער און די וועלדער האָבן מיט רויטער מורא געקוקט אויף דער געגנט אַרום, וואָס האָט געציטערט פון דער פיבערדיקער אַרבעט. אייגער טרומייטערט, דער צווייטער פייפט, דער דריטער גיסט וואַסער און לעשט, דער פירטער שלייפּט און דער פינפטער שיסט. עס גייט אַנאַרבעט, אַ ווילדע און אַ שרעקלעכע, פונקט ווי עפּעס דאַרף פּאַרענדיקט און צעשמעטערט ווערן. און צווישן די קלולת הער איך שרייען:

— עי חנקע! פינף הייסע אין קאַלטן אויוון אַריין.!

— חנקע נאָך פינף.!

— עי, אַ ביסל ווייטער פון אויוון.

— חנקע, דער אויוון קרישעט זיך!

— חנקע! חנקע!

דאָס פייפן און סיקען פון פייער איז געוואָרן שטאַרקער, עס האָט אויסגעזונגען ווי שרעקלעכע סיגנאַלן פון דער ווייטקייט, סיגנאַלן פון היום הדין.

אין מיר האָט עפּעס אינערלעך גענומען אָפּשטאַרבן און פאַרגליווערט ווערן. איך האָב ארויף געטון תנקע קיינער האָט בישט געענטפערט, איך האָב ארויף געטון „בוראָק", דער הונט איז אנטלאָפן ווייט צו דער הויסע.

איך בין געגאַנגען מיט ציטערדיקע קניען, דערנענטערט זיך לאַנגזאַם, ווײַל אין מיר איז געוואַקסן אַ פאַרגליווערטקייט און עפּעס אַ מלחמה צווישן טויט און לעבן „אַ, וואָס זעט מען עפּעס בישט חנקען?" האָט אין מיר עפּעס אַ קלאַפּגעטון ווי מיט טויזנט האַמערס און ווידער האָב איך עפּעס געבערענגט אויף די ליפּן אזעלכעס פאַר ווערטער איך אַליין האָב געציטערט.

אין דער צייט וואָס איך בין אַזוי לאַנגזאַם געגאַנגען האָב איך פּלוצלינג אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזעען אַ שרעקלעכע זאַך:

די אויבערשטע טייל פון אויוון וואָס האָט זיך פאַמעלעך געבראָכן איז געעפענט געוואָרן ווי אַ גרויס מויל און פּלוצלינג: טראַך טראַך!

אַ שרעקלעכער קנאַלנדער דונער האָט פאַרציטערט די גענט מיט עכאָס און נאָך - עכאָס.

מנוטן לאַנג האָבן די נאָך - עכאָס ואָכגעשוועבט אין די ווייטע רוימען, נאָכגעטרייסלט זיך ווי אַ געטלעכער ציטער.

און דער אויוון האָט גענומען ברענען מיט אַ העלישן שרעקלעכן פייער, וואָס איז געגאַנגען פון דריי גרויסע אָפענע לעכער און באַלויכטן די שרעקלעכע טונקעלע וועלדער אויף מיילען ווייט. הינט פון ווייט האָבן גענומען קלאָגן און וואָיען און פערד האָבן זיך צעלאָזט אָדער געבליבן שטיין אויף צווײ פיס הירזשנדיקע.

איך בין איינגעהילט געוואָרן אין עפּעס אַ רויטן משוגעת. ערד און הימל און וואַלד האָבן אויסגעזעען איין ווילדער רויטער ים אין וועלכן איך אַליין טרענק זיך. אַ שטילער נאָר שרעקלע-

בער פיבער האָט עלעקטריש געשוויבט פון די הענט צו די פיס און פון די פיס אין קאָפּ. איך האָב מיך קוים בעדענקט, קוים דערמאָנט זיך וואָס דאָ איז געשעען און סגעשריי געטון: חנקע!

די וועלדער האָבן נאָכגעהילכט חנקע! חנקע! איך האָב געפילט אַז עפּעס וואָס הויבט אָן קלאָגן אין מיינע אויערן און פון גרויסן יאָמערלעכן געוויין הויבט אָן זיך צייכענען אַ געשטאַלט פאַר מיינע אויגן, אַ מאָדנע פּנים מיט צעשויבערטע האָר און פאַרשלאָסענע אויגן, דאָס פּנים איז שטיין געבליבן פאַרן וואַלד, פאַרן הימל, און נאָענט פון מיר, איך בין אָפּגעשפּרונגען און אַ קוויטש געטון: חנקע?

דער וואַלד האָט לאַנג נאָכגעהילכט: ח—נ—ק—ע!

---

ערשט איצט האָבן מיר דערזען די חורבה, די אויבערשטע טייל פון אויוון איז אינגאַנצן אַראָפּגעפאַלן צוגעדעקט גזשיבאָווסקען און טאַלמאַן און אויף טויט געהרגעט חנקען. די צוויי האָט מען אָפּערגעשלעפּט פאַרברענטע ווי גליאָווניעס נאָר חנקע איז אינגאַנצן פאַרשווינדן און איך און ליטמאַןביידע האַלבע משוגעם זענען אַרומגעקלעטערט צווישן די פייערדיקסטע ערטער און געזוכט און געבעטן און געוויינט.

עס האָט געדויערט אַ האַלבע נאַכט און דאָס אַלץ האָט זיך איינגעשטעלט ווי אַ שטילער שוין אויסגעשאָסענער צאָרן. נאָר אָט האָט שוין געבלייכט דער טויטער באַגינען און דאָס פייער איז געוואָרן שוואַכער.

דאָרט אין דער זייט פון דער טעפּעריי האָט געגליט דער הימל מיט אַ באַהאַלטענעם צאָרן פּונקט ווי דאָ, און מיר זענען ביידע געשטאַנען ווי צוויי אבלים וועלכע עס האָט איין אומגליק געטראָפן און געקוקט אַהער און אַהין.

נאָר אָט אָט איז ליטמאַן געפאַלן מיט די הענט אויף מיין

אַקסל און האָט זיך צעוויינט ווי אַ קינד, איך האָב געווישט די אויגן, און פון ווייטן האָט מען געזעען אַרומבלאָנדזשען זאַליען מיט די זין, די קעפּ אַראָפּגעהאָנגען ווי שולדיקע גזלנים און דער אַלטער האָט געמורמלט;

— יאָ גאָט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט און איר ייִנגען קלויבט אויף די כּלים פון אונטער די חורבות.

מיר האָבן אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ אַריינשפּיזנדיק אין זיי אַ טיפן בליק:

— גזלנים — ג ז — ל נ י ם !

— — — — — — — — — — — — — —

שטיל האָט זיך געבלייכט דער פרימאָרגן און אין מיר האָט עפּעס געקלאָגט ווי נאָך אַ שׂרפה. געשטאַנען זענען מיר ביי דער בריטשקע מיטן ברוגזן פערד צוזאַמען און מיר האָבן בעדויערט און געזיפצט און געגרייט זיך אין וועג אַריין און אַרומגעקוקט זיך. עס האָט אונז נאָך עמיץ געפעלט, דער טרייער שומר בוראַק

## קינדער האָבן.

וואוינען, וואוינען זיי ערגעץ אונטערן שטאָט. אין אַ אַלטער אָפּגעבּרענטער חורבה, וואָס אויסער דער דירה זייערער זענען טיר און פענסטער מיט ברעטער פאַרקלאַפּט, און מאַכט זיך אַ געוויטער אין דרויסן, יאָגט עס אָן קעלט און ווינט פון אַלע זייטן. ביי־טאָג פליען זיך אַריין און אַרויס פייגל פון וואַלד; ביי־נאַכט כאַפּן זיך אַריין קעץ צום נאַכטיקן.

צוויי וואוינען זיי דאָרט: מיכל גרויל און שרהשי טרויער.— מיכל גרויל, — אַ נידריק פאַרדאַרט קערפּערל, אַ ביינערדיק פּיר־עקעדיק קעפּל, אויסגעדרייט אויף אַ זייט, מיט פינטלדיקע אויגן צום הימל און צוויי גרייטע פינגער אין דלופטן שטענדיק אַ קראַץ צו טון, סיי עס בייסט יאָ, סיי עס בייסט נישט. שרהשי טרויער— אַ הויכע, מיט לאַנגזאַם אויסגערעכנטע טריט צו גיין, און אַראָפּגע־לאָזטע אויגן צו דער ערד, סיי די זון שיינט יאָ, סיי די זון שיינט נישט.

די אַרבעט זייערע דאָ איז אומבאַשטימט. גלוסט זיך אַמאָל מיכלן, שלעפּט ער פון אונטערן בעט אַפּער דעם זאַק שמאַטעס אָדער ביינער, שיט אים אויס אין אַ ווינקל און לאָזט זיך פּרישע קלויבן. שרהשי דעווייל, נישט האָבנדיק קיין אַנדערע אַרבעט, זעצט

זיך טשיפּטשעם אויף דער ערד, סאָרטירן די ביינער אָדער שמאַטעס, צושמייכלענדיק זיך צייטנווייז צו זיך אַליין, ווי אַ ביין, וואָס האָט דעם אויסזען פון אַ זקן אָן אַ באָרד, ליגט פאַרהילט אין אַ קאָלירט שמאַטקעלע, ווי אַ קינד אַ קליינס . . . אָדער פאַרציענדיק זויער די נאָז פון שלעכטן ריח, וואָס גייט רויף פון די שמאַטעס און ביינער, פאַרוואַרפט זי די הענט אין שויס, גלאָט אַזוי אין דער וועלט אַריין. . .

גלוסט זיך אַבער מיכלן אַזוי נישט צו טון, זעצט ער זיך אַ זייק צום אויוון, פאַרשאַרצט דאָס היטל אויפן שפּיץ קאָפּ און, אַ פּאַטש געבנדיק מיט דער האַנט אין שטערן אָדער שויס, ווי ס-האַלט אים עפּעס איינגעפאַלן, הייבט ער זיך אומגעדולדיק אָן שאָקלען אַהין און צוריק, פאַרדויכערט שנעל איין פּאַפּיראָס, דעם צווייטן, דעם דריטן, און איז לאַנגזאַם מעלה-גירה דאָס אויפגעקומענעסן. שרהשי טרויער, מיט די אויגן צום פענסטער, שפּאַרט אונטער די באַק מיט אַ פינגער, און טראַכטן טראַכט זי, ווי אַ שטייגער, די קראָ אויפן בוים שטייט און האָט גאָרנישט אין זינען אַוועקצופליען; אָדער די הון אויפן היי זיצט און האָט גאָרנישט אין זינען דאָס איי צו האָבן.

די צייט פון זייער צוזאַמענלעבן דאָ איז אומבאַשטימט. די חתונה—געדענקט מען ווי אין חלום—איז געווען ערגעץ אין אַ חייט פאַרוואָרפענער קרעטשמע אונטער אַ פראָסטער לייוונטענער חופּה מיט פיר פּראָסטע דרענגער אונטערגעשפּאַרט. געקליבן זיך צו איר האָט מען שטענדיק סיון צייט, אין אַ וואַרימען זומער-טאָג, און מווייס נישט, פאַרוואָס איז זי אויסגעקומען חשוון-צייט, אין אַ רעגנדיקער נאַכט, מיט אַלטע אויסגעוויינטע גע̈הנ און איין עלעפעריקן כלי-זמר צום שפּילן.

דאָס ערשטע יאָר פון נאָך דער חתונה האָט נאָך געזאָלט זיין בישקשה; געהאָפט האָט מען, אַז גוטע צייטן וועלן אָנקומען, קינדער וועלן זיך האָדעווען, און צווישן זיי וועט דאָס לעבן זיין ליכטיק

און לעבעדיק, און אַז מען גלויבט אין אַזעלכע צייטן, איז גאָר שווער צו זאָגן, אַז מאַן און ווייב זאָלן צווישן זיך זיין קידער-ווידער, און באַלד אין דער פרי ברענגט שוין מיכל זיין שרהשי צום בעט צו אַ קוואָרט וואַרימע מילך פון דער קו. שרהשי טרינקט, און מיכל פון אַנטקעגן איר, שטייט מיט אַ האַנט אויף אַ זייט פאַרשפאַרט, קוועטשט אונטער מיט אַ ליפּ: פאַרגינט איר דאָס טרינקען, און קוועלט אָן פון יעדן הנאהדיקן שלונג, וואָס דאָס חייב טוט . . . און באַלעקט זי זיך נאָך דער מילך, שיקט מיכל זיין שרהשי אַ שמייכל, ווי ער וואָלט זאָגן: „צום קינדער האָבן זאָל עס דיר זיין! . . .” שרהשי מיכלן ענטפערט אויך מיט אַ שמייכעלע: „נישט זאָרג, מאַנעשי, די פּאַשע וועט נישט אומזיסט זיין”.

אין דער - פרי ביים אָנטון, ווען שרהשי זיצט ביים שפּיגעלע און קוקט זיך אָן, ווי זי זעט אויס איבער נאַכט, זיצט שוין מיכל נעבן איר און פאַריכט איר אַ האָר - באָדל פון קאָפּ, און אַ גלעט טוענדיק איר איבערן האַלז, זאָגט ער: „אַז דו וועסט אי״הש, טאָכטערשי” . . .

שרהשי פאַרטראַכט זיך און, אַראָפּציענדיק דאָס פאַרטעך, צעשמייכלט זי זיך מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער: „און אַז גאָט וועט העלפן” . . .

פאַרנאַכט ליגען זיך אין די בעטן אַ פּאָר צופרידענע טויבן און שמועסן, פון וואָס מאַן און ווייב קאָנען גאָר שמועסן . . .

און אַז די צייטן זענען אַזעלכע ליבע און פריילעכע, גייט שוין מיכל שטענדיק אַרום מיט געדאַנקען, ווי זיין שרהשי, אַ שטייגער, וועט שטענדיק האָבן קינדערלעך מיט דראָבנע שוואַרצע אויגעלעך; שרהשי, מיט אַ צופרידענעם גלאַנץ אין די אויגן, חי שטענדיק, וועט זי נייען יאַקעלעך מיט רויטע פּאָמפּאָניקלעך.

נאָר אַז סגייט אַוועק אַ לאַנגע צייט, די מילך טרינקט זיך, די שמועסן אין צוזאַגן ציען זיך, און ביי שרהשי ווייזט זיך נישט

קיין זכר פון מעוברת הערן, הערט מען צווישן זיך ברוגזלעך, עס ס
זוי נישט געבינדן איינס מיטן צווייטן; די נאַכטלעכע געשפּרעכן
ווערן ווייניקער, די בליקן איינס אויף דאָס אַנדערע פאַרדראָסיקער,
און די מינעס פול מיט קאַפּריזן, ווי אויף חובות, וואָס איינע דעם
צווייטן איז שולדיק, און וויל אים נישט אָפּצאָלן . . .

און אָט קומען אָן צייטן, וואָס מווייסט אַליין נישט, פון וואַ-
נען אין שטוב וואַקסט אויס אַ מרה - שחורה — ווי פון זיך אַליין.
פון נישט וואו און נישט ווען, פאַלט שרהשי גלאַט אזוי אויפן באַבק
אָן כח, ווערט וואָס אַמאָל בלייכער, און אזוי בלייך, אַז די אויגן
בלייבן שטיין אויף אַנאָרט, נישט רירנדיק זיך, און מיכל פון אַנ-
טקייגן איר, שפּאַרט זיך אָן אויף אַ קאַנט בענקל, הויבט זיך אָן
אומגעדולדיק צו שאָקלען הין - און - צוריק, פאַרויכערט שנעל אַ
פּאַפּיראָס, דעם צווייטן, ביז די לופט ווערט גרוי, רויכיק און וואָל-
קנדיק, און טראַכט זיך אויס, אַז די אונטערשטע טיילן פון קער-
פּער ווערן פאַרלוירן, און נאָר צוויי אָפּגעריסענע קעפּ מיט צעשראָ-
קענע אויגן שפּרינגען זיך אַנטקייגן.

פון נישט וואו נישט ווען, גיט איינער אַ זיפץ, ענטפערט
דער צווייטער מיט אַ קרעכץ, דער ערשטער מיט אַ זיפץ, דער
צווייטער מיט אַ קרעכץ, ביז מפילט זיך עפּעס אזוי ווייט און פאַר-
לוירן איינס פון דאָס אַנדערע, אַז מען מוז זיך רופן און אָפּרופן
ביי די נעמען, און טוט מען עס אָפּ, אָטעמט מען אָפּ, מען ווערט
ביי זיך פרייער, זיכערער און רויקער, ווי פריער . . .

פון נישט וואו און ווען, קומען אָן פאַרנאַכטן אָנגעגאָסענע
מיט זויערע לופט, ווי פון זשאַווער; עפּעס ענגע, ווי פון זיך אַ-
ליין אַרויסגעוואַקסענע; דאָס לעמפּל, ווי אַ צעבראָכן קוימענדל, רוי-
כערט. די פּאַפּיראָסן - נעפּלען, און ביי די ליגנדיקע טיילמ-ל
אויף די גאָלע בענק, מיט די אויגן צום סולאָפּ, טיילמאָל אויף אַ
ייס, מיט די אויגן צום ווינקל פון שפּינוועבס, וואַקסן אויס גע-

ראַנקען צו האַקן שויבן, אָפּצורייסן פּאַפּיר פון די ווענט, הינער צו-
צעפּליקן אויף צווייען. ווייסט מען גאָרנישט פון וואַנען
און איינער, אויפהויבנדיק זיך פּאַמעלעך, גייט צו קוים אויף די
נעגל צום צווייטנס אויער און מיט אַ מאַנענדיקן טאָן פרעגט ער
אים אַריין: „וואָס הערט זיין?“ דערהערט נישט דער צווייטער, און
אַוועקמען כּנר׳ק דעם קאָפּ פלוצלינג פון אַנאומגעריכטן געשריי-
פאַרטראַכט ער זיך פון עפּעס אַ באַקאַנטער שטים אויף אַזוי לאַנג,
ביז ער דערמאָנט זיך אָן איר, ענטפערט ער בייז: „וואָס זאָל זיין?“
מיינען ביידע, אַז דאָס האָט עמיץ פון קוימען אָדער ערגעץ פון אַ
פינסטער ווינקל אַ ברום געטון. און מען וויל זיך נעמען פון פּחד
לויפן אָדער שרייען, נאָר וויל מען עס טון, כאַפּט מען זיך אָן
ביי די הענט אָפּצוהאַלטן. מווערט איבערגערעכנט און באַדענקלעך-
צעשמייכלט מען זיך אין מען דערמאָנט זיך שוין, וואו מאַיז.

פון נישט און ווען ליגט מען זיך גלאַט אַזוי אין די בעטן;
פרעגט איינער דעם צווייטן, נישט איבערצושרעקן: שלאָפסט? מיינט
דער צווייטער, אַז ער זאָגט: זעסט דער טויטער מאַמען? זעסט?
ווילט זיך עס נישט, נאָר מען דרייט גלאַט אַזוי אויס דעם קאָפּ
צום ווייסן גרעט, וואָס הענגט זיך צום טריקענען, אויף וועלכן
כהויבן אָן צו בלישטשען פייער-פינטעלעך, ווי דראַבנע שטערנ-
דלעך; מען ווערט עפּעס אויפגעוויקלט, און צוגעוויקלט און צעשאָטן
אויף שבעה ימים; דאַן גייט איינער דעם צווייטן באַרויקן. דער-
שפּירט אָבער נאָר דער צווייטער דעם ערשטנס שאָרך, זעצט ער
זיך אויף מיט אויסגעשרעקטע הענט אים מקבל-פּנים זיין. קוקן
זיך ביידע אָן אמופאַרשטענדלעך: ווער ביסטו? און צו וואָס
ביסטו געקומען? ביז — ביז מוויל אַרויסלאָזן אַ שרעקלעכן
משוגעת-געשריי; נאָר כּדי זיך אַליין נישט אַראָפּצופירן פון דעג-
שריים מען: גנבים! גזלנים! געוואַלט, געוואַלט!

און בייז, פאַרדראָסיק ווערט מען איינס אויפס אַנדערע. גאַנצע טעג מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס גייט מיכל, אַבי שרהשין אין די אויגן נישט צו קומען; גאַנצע נעכט, מיט תהילים - פּסוקים אויף די ליפּן, פּליקט שרהשי פעדערן, אַבי מיכלס נאָמען נישט צו דערמאָנען

און סטרעפּט, אין אַ וואַרעמען טאָג ווייט - ווייט אויף דער לאָנקע זיצן מאַמעס מיט קינדער; פאַר זיי שפּילן קאַטערינקעז און די קינדער הילכן און קוויטשען, אַזוי אַז מיכל וויל נאָר בלויז גיין אַ קוק טון און אויספרעגען: ווי אַזוי פּאָקן און מאָזלן קינדער? ווען ווערן זיי געבוירן און ווי לאַנג טראָגט מען זיי? און ער גייט מיט אַ פעסטן, זיכערן טריט; נאָר קוים קומט ער צו און דערזעט, אַז דאָס זענען גאָר געוויינלעכע פּיענעס, איבער וועלכע סטראָגט זיך אַ פּישטשען פון פייגל, פרעציט זיך אים פאַר די אויגן עפּעס פינסטערס און אין די אויערן רוישט אַ געוויין:

נישט פאַר דיר, מיכל איינער, נישט פאַר דיר!

און אַמאָל ביי - נאַכט, ווען שרהשי ליגט מיט אָפענע אויגן אין דער זייט פון מיכלן, קאָן זיך מיכלן פאַרגלוסטן אַראָפּצוקריכן פון געלעגער און גיין איבערקוקן די ביינער; און ווערט ער מיט דער אַרבעט פאַרטיק, נעמט ער דאָס אַריינגעדרייטע לעמפּל, שטעלט עס קעגניבער פענסטער, וואו די לבנה בעשיינט מיט אַ שטויבי־ קער בלוילעכער שיין דעם אָנגעוואָרפענעם באַרג, פון וועלכע ס־ גייט אויף אַ דאַמפּיקע פאַרע, פאַרטראַכט זיך איבער דעם באַרג און ספּאַלט אים עפּעס איין: די ביינער, די אָנגעוואָרפענע ביינער ווערן רירעוודיק, פונקט ווי זיי וואָלטן קריכן איינס אין דאָס צווייטע, און ביסלעכווייז הויבט זיך פון זיי עפּעס אויף, ענלעך צו אַ קינדער־ קעפּל. און איז דאָס נאָך ווייניק, זיצט שוין מיטן גאַנצן נאַקעטן קערפּערל אַ פּיצעלעס, וואָס וויל נאָר דוקא שפּילן אין פּאַטשע - פּאַטשע - קיכעלעך; און מיכל וויל דערפאַר אַ גלעט טון דאָס רויז

באשיינטע פנימל, וואָס זעט אויס פריילעך - אויסגעשלאָפן. נאָר אָבער גיט אונטער זיינע הענט אַ רויש דער טרוקענער ביינער-קלאַנג, פאַר די אויגן גיט אַ שווינדל, די רויט - בלויליכע שיין ווערט אויסגעגאָסן אין רעדער - פאַסן; סחילט זיך אָטעמען און מען קען נישט, סווילט זיך שרייען, נאָר סלאָזט זיך נישט. און אין די אויערן קלינגט אַ בעדויערנד געוויין; נישט פאַר דיר, מיכל איינער, נישט פאַר דיר!

---

און סטרעפּט, אַז גייענדיק איבער די וועגן, הויבט זיך דער הימל אָן כמאַרן, ווי פון זיך אַליין; אַ טרוקענער ווינט רייסט זיך שטראָמענווייז און דרייענדיק זיך ארום זיך, און מאַכט אָן אַ שטויביקע זאַווערוכע. זעצט ער זיך מיט צעבראָכגעלאָזטן קאָפּ אוועק און סגיט אים אַ בליץ אַ געדאַנק:

הענגט זיך נישט וואו אַמאָל אַ מענטש? אַ מענטש נישט קיין גרויסער און נישט קיין גראָבער, נידעריק, ווי אַ זמאַרעלע גרויגייט עס, סמענטשעלע, מיטן מענטשן - פּנימל און פאַרשלאָפענע אייגעלעך, פון שטוב אין פעלד, פון פעלד אין שטוב, און ווייל סהאָט נישט וואָס צו טון, גלוסט זיך עס שויבן האַק, און ווייל סהאָט נישט וואָס אָנצוווערן, הויבט עס דעם קאָפּ צו אַ בוים מיט געזונטע צווייגן, און געזעגנט זיך, געזעגנט זיך מיטן אַרומיקן...

דערווייל ווערט דער הימל לויטער און די זון קוקט שוין אָמער מיט אַ בלישטש אין אַ שויב, און מיכלען דאַכט זיך אויך, אַז דאָרט באָדט אַ מאַמע אַ קינד אין אַ באַליע אויס, און ער גייט מיט זיכערע טריט, כּדי זיך איינצוהערן, וואָס פאַר אַ ליד וועט די מאַמע זינגען ביים איינוויגן סקינד. קומט ער אָבער צו, און דערזעט ווי אַ קאַץ וואַרימט זיך פאַר דער זון אויף אַ שטיין, הויבט ער אָן צו אַנטלויפן, און אין אויער קלאָגט עס: נישט פאַר דיר, מיכל איינער!

---

און לאַנגווייליק פאַרביטערט ווערן די יאָרן. פון נישט וואו
אין ווען קען אויפן הימל פינסטער, און אין שטוב — ליכטיק
ווערן. און נישט וויסנדיק פון וואַנען קען אין דער מיט שטוב אָנ־
געוואָרפן ווערן ברודיקע וועש, קאָרקעס, שטרוי פון שעניק׳נס; און
אין מיטן טאָג ברענט זיך אַ לאָמפּ, וואָס רויכערט און כאַרשפּרייט
א שווערע לופט, און איינער שטייט זיך אָן אַ זייט, ברעכט שטרוי,
רייבט אָן אַ זייפן - בלאָז און ספּליט שוין. איין זייפן - בלאָז, דער
צווייטער. דערזעט עס דער אַנדערער, שרייט ער: שטערן! שטערן!
ענטפערט דער ערשטער: כאַפּ עס! כאַפּ עס! שרייט דער ערשטער:
שטערן! שטערן! און דער זייפן - בלאָז פּלאַצט, בלייט איינער
שטיין מיט די אויגן צום פענסטער: „אַ פאַרלוירענער שטערן!"
דער צווייטער: „נישט געכאַפּט! נישט געכאַפּט!"

און טעג און נעכט קומען אָן, וואָס מען טוט עפּעס אַזוינס,
אַז די ׳ טיל ,יט זאָל דעם מח נישט עסן, און ווען ביי לייטן כאַ־
טע - מאַמע קוועלן פון זייערע שפּילנדיקע קינדער, זיצט מען
אויך דאָ איינס נעבן סאַנדערע, און מקוועלט דערפון, וואָס היינט,
אין אַזאַ נעפּלדיקן טאָ , האָט מען פונדעסטוועגן זיך די פּני־ער
נישט צעשעדיקט; און ווען ביי לייטן על־ערן קוועלן פון זייערע
קינדער, וואָס ווערן דורך זיי צו דער חופה געפירט, זיצט מען דאָ
אויך און מוואַרט אויף דעם מאָרגנדיקן טאָג פון שרעק טומל און
משוגעת.

---

## גרינטשע כטאָלב.

נאַכט ביי נאַכט, ווען גרינטשע, אַ מויד מיט שווערע הענט וואָס הענגען שטענדיק אין דער ־ לופטן און טוען גאָרנישט, און תמעוואַטע אויגן, וואָס קוקן, ווי אַ בהמה אין שאַף, כאָטש זיי זעען גאָרנישט. פאַרטיקט זיך אָפּ פון איר קרעטשמע ־ אַרבעט, פאַרקנעט סמעל, קראַצט אויס די ד ייזשע און וואַרפט צו אַ ביסל האָלץ, כדי דער אויוון זאָל זיך צוהייצן; דעמאָלט ווען סוואַרימקייט פון שטוב ווערט אַזוי אַנגענעם, אַז די גרילן פון אונטער די מעל ־ זעק צעשפּילן זיך מיט פרייד אין דער שפּעטער נאַכט אַריין,—האָט זי ליב גלאַט אַזוי, זיך צו פאַרטראַכטן. ביי טאָג קען זי עס נישט, ווייל זי מוז כסדר אַכטונג געבן, דאָ אַז דער שכורער באַדהייצער זאָל היגטערוויילעכטס נישט איבערשרעקן; דאָ — אַז בעדקעלע דער בעל עגלה זאָל פראַוועבדיק זייבע קונצן, קיין שלעכטס נישט טון, אַמאָל ווערט גלאַט אַ געפּילדער: וואָס שטייסטו? פאַרוואָס גייסטו נישט?

ביי נאַכט, ווען קיינער שטערט איר נישט, פאַרדרייט זי סלעמפּל און זעצט זיך צוועק פאַרן אייוון מיט עפּעס אַ זיפצנדיק ליד, וואָס שלעפּערט ביסלעכווייז איין איר געדאַנק, און אין אירע אויערן הויבן אָן קלינגען די זעלנערישע מאַנעווערס פון דעם יאָר צוזאַמען מיט די שלעכטע ווערטער פון דער קאָרטנוואַרפעריִן, וואָס לייגט

אויס איר מזל צום שלעכטן. אין די מינוטן הויבט זי אָן ‧‧‧ אַזעלכעס, וואָס דערמאָנט איר די יינגע יאָרן. שפּילעט אויף די בלוזע, צעלאָזט די האָר, מיט איין האַנט וויקלט זי די דינע פלעכ־טעלעך פון די האָר און מיט דער אַנדערער קריכט זי פּאַמעליכענקע אַריין אונטער ‧‧‧וזקע.

„שוין נישט קיין טאָג", טראַכט זי דאַן, ווען דאָס ווארימקייט פון פייער צעגיסט זיך אין די גלידער, ווי גוטער באַלזאַם, און די אויגן קלעפּן זיך שלאָפן: „שוין נישט קיין טאָג, זינט מיר האָבן די קרעטשמע אָפּגעדונגען . . . וויפיל, אַ שטייגער, דייזשעס ברויט האָב איך שוין אויסגעקנעטן? וויפיל חלות און ברויטן געבאַקן? ווי־פיל הערינג אין אייל געפּרעגלט? וויפיל טשאָלנטער, וויפיל קוגלען פרעמדע אָט אין דעם אויוון געשטעלט? הייבט וויפל מיידן האָבן עס שוין פון יענער צייט חתונה געהאַט? קיין אייגע, דאַכט זיך מיר נישט געבליבן! אָט עלטערט זיך שוין מיט איר געמאַל שפּרהלע מלאך המות, מיט דער רויטער לאַטע אויפן פנים; אָט פּיעסטעוועט זיך שוין אין קישעלע איר פּיצעלע יענטע די מלכה ־ שבאַעטע מיט די אויסגעבראָכענע ציינער און די בלינדע אויגעלעך; אָט־זשע זיצט שוין אַלע שבת אין פענסטער, ווי אַ מלכה, ריבטשע פגר מיט דער דריי ־ שטאָקעדיקער נאָז, אין אַ בלויער קופּקע, און קלאַפּט זיך מיט די פינגער אין די שויבן, פּונקט ווי אַ ווייבל איצט פון דער חופּה אַפּער. און איך וואַרט און וואַרט, ווייס איך, וואָס איך וועל מיר מערער אויסוואַרטן, ווי אַלט ־ געבאַקענע יאָר . . . דאַכט מיר אַז נישט היינט האָט מען מיך אַנטוואוינט . . שוין גאָט צו דאַנקען אַ יאָר דרייסיק, אַז מיר האָבן דאָ די קרעטשמע איבערגענומען. . . אָט די אַלע אַרומיקע הייזלעך זענען מיר שוועסטער און ברידער, אַ צווילינג מיט מיר געבוירן געוואָרן, — אי דאָס שטייען זיי שוין מיט דער נאָז אַראָפּ, ברוגז אויף גאָט אַליין דערפאַר, וואָס ער האָט זיי מיט געלע לאַטעס באַשמירט . . . זיי גיסן מיט טרערן

דן אַער אין הימל זאָל זיי באַנייען, — און איך, אַ לעבעדיק נפש אויף צוויי פיס, דאַר און קוואַר, ווי דאָס פאַרשימלטע ברויט אין קויש, און קוק אַלץ צום הימל, אַז פון דאָרט זאָל מיין „געמאַל" אַראָפּפליען ! ! . . .

טראַכטנדיק אַזוי, בלייבט ביי גרינטשען שוין נישט אַנדערש, אַז מאָרגן-מאָרגן, ווען בעדקעלע וואַליאַנט וועט, ווי שטענדיק, קומען צו איר פּראַווען זיינע קונצן, ווען אַ שטייגער ער וועט איר צוערשט האַרפן קיילעכלעך ברויט אין נאָז, דערנאָך זיך אָן איר פּלייצע רייבן, דערנאָך שטעלן זיך אויף אַ בענקל און מיט די שטעכעדיקע האָר פון באָרד דעם האַלז איר שטעכן, אַם ענדע אַרומנעמענדיק זי פאַרן האַלז, אַנידערוואַרפן אויפן פאָדלאָגע און אויסקוילערן זיך מיט איר די גאַנצע שטוב, פאַרוואָס זי ווערט אין כעס און פאַטשט אים איין די פינקלדיקע אויגעלעך, — וועט זי שוין אַזוי נישט טון. פאַרקערט, זי וועט שמייכלען, ווען ער וועט אַזוי טון . . . זי וועט זיך גאָר דערפון נישט וויסן מאַכן . . . און ער, בעדקעלע, וועט פאַרשטיין איר שמייכל, ווייל ער וועט איינזען, אַז דאָס איז ביי איר קיין בעלעכאַער נישט, נאָר זי וויל אים טאַקע ווערן אַנאמתע כלה . . . דאָס פּנים וועט דאַן ביי ביידע זיין פאַרטראַכט, די אויגן אַראָפּגעלאָזט, פאַרשעמט, פונקט ווי די ערשטע זעונג פון חתן - כלה. — און זי, גרינטשע, וועט פלוצלינג רחמנות קריגן אויף בעדקעלעס פאַרטראַכט פּנים און וועט אים טרייסטן, ווי אַ געליבטן; „זאָרג נישט בעדקעלע ? אונזער גורל איז אונז פון הימל באַשערט ! אינם חופה-טאָג וועט דאָס אין הימל פאַרשריבן ווערן ! אונזערע טאַטעס, די עפשטאָרבענע, וועלן זיך פאַר אונז דאָרט מיען!" . . . און ער, בעדקעלע, וועט דאָס פאַרשטיין און צושאָקלען טרויעריק מיטן קאָפּ, ווי אַלע טרויערדיקע חתנים פאַר דער חתונה. דערנאָך, אין אַ צייט אַרום, אַז די חתונה וועט אַריבער, וועט איר גאָט לייזעניקן מיט אַ קינד, אַז גאָט און לייט וועלן זיך פרייען אויף איר

גליק. אַלט וועט דאָס זיין אַ האַלב יאָר, אַ פּיצעלע אינגאַנצן, זי·
וועט פּונקט דעמאָלט אָנהויבן צו מאַכן אים אַ ברוסטטיכל . . . דער
טאַטע וועט פון רבין ברענגען סגולות אַלערליי, אַז קיין עין - הרע
זאָל עס נישט געשען, און זי, גרינטשע אַליין, וועט זיך באַשטעלן
אַ קופּקע מיט רויזע בענדער, ווי אַלע יינגע ווייבלעך טוען עס,
זיצן שטענדיק ביים פענסטער און אָפּשאָקלען יעדן דורכגייענדיקן:
„גוט יום - טוב! גוט שבת!" און גאָרנישט.

און ביי גרינטשע סטאָלב בלייבט שוין אויך דער רעיון,
מאָרגן-מאָרגן אַ כלה צו ווערן, זאָל זיין מיט בעדקעלע וואַליאַנט,
אַבי אַ כלה. קאָן זי אָבער בעדקעלען פאַר אַ גרויסן קונדס . . זי
ציטערט פאַר בעדקעלען, זי שרעקט זיך פאַר בעדקעלען . . . אַזוי
ווי דורך אַ שטורם - ווינט ווערט דאַן פלוצלינג דער גוטער פלאַן
וועגן איר צוקונפט מיט בעדקעלען אַוועקגעריסן: זי געדענקט, ווי
איינמאָל אין אַ פינסטערער נאַכט, ווען די גאַסן זענען געוועזן הוי·
כע בלאָטע, אַ פינסטערער נעפּל האָט איינגעהילט דאָס גאַנצע
שטעטל מיט אַ וויסטער נאַסקייט, און דאָס געשריי און פויקעריי
פון די ציגיינער, וואָס האָבן באַלאַגערט דאָס שטעטל אַרום און
אַרום, איז אַלץ נאָנטער און נאָנטער געוואָרן, — דעמאָלט האָט
בערקעלעס ערשע ווייב רחמים געבעטן אים, בעדקעלען, אַז כאָטש
איין נאַכט זאָל ער מיט איר איבערנעכטיקן. נאָר בעדקעלע האָט
אויף איר אַ פּאָר אויגן אויפגעשטעלט, איינצושלינגען, געגעבן איר
אַ קאָפּ אין בויך, פון וועלכן זי איז אין אַ קורצע צייט אַרום שלאַף
געוואָרן און געשטאָרבן; דערנאָך האָט בעדקעלע אויף אַלע פיר
זייטן וועלט די יתומימלעך צעטריבן, פאַר אָפּגעריסענע בעטלערלעך
געמאַכט זיי, און זיי דרייען זיך נאָך עד היום אַרום אין קרעטשמע,
און בעטן אַ מאַמע אויף רחמנות און ברויט צום הונגער. אַ ציטער
לויפט איר דורך דורך די ביינער, ווען זי דערמאָנט זיך, אַז בעד·
קעלע קאָן נאָך מיט איר אויך אַזוי טון, — וואָס וועט טאַקע זיין

אַז זי, פּונקט ווי בעדקעלעס ערשטע ווייב, וועט ציטערן פאַר ד בייזע ציגיינער און דערום בעטן אים, בעדקעלען, אַז כאָטש איין נאַכט זאָל ער איר צוליב טון, און מיט איר אין שטוב איבערנעכ־ טיקן, און ער, בעדקעלע, וועט איר פאַר דעם, פּונקט ווי דאָס ער־ שטע ווייב, שלאָגן, הרגענען מכות אכזריות, פון וואָס זי וועט קרענקען און שטאַרבן? וואָס וועט טאַקע זיין, אַז מען וועט זי פירן אויף דער שוואַרצער עגלה, און די קליינע יתומימלעך וועלן זיינ׳ר ל׳בהאַרצי־ קע מוטער צום קבר באַגלייטן. וועט זיי בעדקעלע כון דער עגלה, ווי הינט אָפּטרייבן. און די אָרימע יתומימלעך וועלן קלאָגנדיק זיצן ערגעץ אין אַ ווינקל, די טרערן אין האַלז שלינגען, פּונקט ווי יענע ערשטע יתומימלעך, וואָס זיצן נאָך עד היום אין קרעטשמע, צווישן די ביר־פעסער און קלאָגן: „מאַמע, מאַמע!" וועט זיך דען נאָך איר טויט אין קרעטשמע געפינען אַזאַ געטרייע, וואָס זאָל האָדעווען אירע קינדער מיט גריץ און פלייש? . . . אַריינוואַרפן זיי צווישן די ביר־פעסער די בעסטע שטיקלעך פעטס, דעמאָלט ווען טאַטע־ מאַמע דרייען זיך אַוועק, פּונקט ווי זי האָט עס געטון פאַר די יתומימלעך פון בעדקעלעס ערשטן ווייב?

„אוי, בעדקעלע, בעדקעלע! רייסט זי דאַן איבער די שלעכטע געדאַנקן וועגן איר צוקונפט, דאַן ווען איר אומעט ווערט גרויס און זי וויל זיך בעסער פאַרטיפן אין די גוטע חלומות וועגן איר שפּע־ טערדיקן ציל, „ווען גאָט זאָל דיר געבן גוטע געדאַנקען פון אַ גע־ טרייען מאַן! וואָס וואָלט איך דען פאַר דיר ניש טון!? איך וואָלט קאָכן, באַקן, וואַשן און רוימען, דעם ברוד פון דיינע פיס וואָלט איך טרינקען, כוואָלט דיך קאָרמען מיט אַל־דאָס־גוטס. גוט עסן, גוט טרינקען, ווי אַ געטרייע קו . . . שבת אין דער פרי וואָלט איך דיר אַריינוואַרפן אַנאָפּגעוואַשן קינד מיט אַ קלאָר ברוסט־טיכל — אַ נחת, די נשמה וואָלסטו דיר דערמיט דערקוויקט! ביי נאַכט ווען אַ פּיצלס וואָלט זיך מיט אַ או אַ צעשרייען, וואָלט איך עס אַליין

איינגעמען, די וואָלסט דיר שלאָפן רויק, ווי אַ קיסר . . . פון ווינדעלעך וואַשן און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס אַ מאַמע דאַרף טון, איז גאָר קיין רייד נישט. אוי, וואָלט דאָס זיין אַ לעבן!"

גראַבלענדיק מיט די פינגער פון איין האַנט אין נאָז, מיט די פינגער פון דער אַנדערער האַנט אַריינלאָזנדיק זיך טיף - טיף אין לייב, ווייט - ווייט אַרונטער, ווי ס'איז שווער צו דערגרייכן מיט די סאַמע שפּיצן פינגער, הויבט זי אָן ביסלעכווייס מיט דעם געדאַנק איינצודרימלען. די ליכטיקע און פינסטערע בילדער ווערן פון אירע אויגן פאַרשוואונדן ביסלעכווייז, עס בלייבט איר נאָר אין די אויערן אַ טאָנלאָזער אָפּקלאַנג פון עפּעס אַנאומבאַשטימטער מע-לאָדיע, וואָס זי האָט ערגעץ וואו געזען אָדער געהערט, וועלכע לייצט זי און פרייט זי צוזאַמען . . . דאָס נאַכט לעמפּל פון וואַנט הויבט אָן אויסגיין און שפּריצט אָפּ פון זיך שוואַכע פונקען, דאָס פייער אין אויוון ווערט אַש-טונקל — אָט דרינגט שוין אַריין דורך דעם לאָדן אַ שטראַל פון מאָרגן - ליכט. דאָס כראַפּעריי פון שטוב ווערט שוואַכער, ווייל ס'איז שוין צייט אויפצושטיין; עס הערט זיך נאָר דאָס שטאַרקע כראָפּען פון איר אַליין. די קאַץ פון פריפּעטשאָק ציט זיך אויס, קנאַקט זיך אויס דיביינער און פאַרקוקט זיך אויף דעם קוימען, וואו זי כאַפּט איר בייטאָגיקן רויב; די הינער פון שטייג הויבן זיך אָן מיט די שנאָבלען צו בייסן די פעדערן. אָט שטעלט זיך שוין אויף אַ האָן, און אַ קריי טוענדיק אַ הויכן קו-קע-רי-קו, בלייבט ער אַ ווילע דערשראָקן פאַר זיך זעלבסט, סצעבילט זיך אַ הינט אונטערן פענסטער, סצעוויינט זיך אַ קינד אין וויגל, ס'הערט זיך דאָס פּאַסטוך לידל אין פעלד . . . אויפרייסנדיק קוים די אוי-גן פון שלאָף, קראַצנדיק זיך מיט צוויי פינגער אין אַ זייט באָרד, קריכט הערשעל - לייבע קרעטשמער אַראָפּ פון געלעגער, וואַרפט אַ קרומען בליק צום לאָדן, וואו ס'שיינט שוין אַריין, שפּייט אָן די הענט, זאָגט בכונה עפּעס אַ פּאָר ווערטער, און צוגייענדיק צו גריג-

שטען בייז, שרייט ער: „זע נאָר דו פוילע קאַץ! סון אויוון אי־
שוין אַש געוואָרן, און זי פּאָפּט, און פּאָפּט!" מיט אַ שוידערלעכן
ציטער כאַפּט זיך גרינטשע אויף, גרעפּצט אָפּ זויער, ניסט זיך אויס־
טוט זיך אַ צי פאַרן אויער. דערנאָך טוט זי זיך לאַגזאַם אָן אירס,
און מיט אַ רעיון, אַז ביי נאַכט האָט זי גוטע געדאַנקען געהאַט,
שלעפּט זי זיך קוים צו צום שלאָף - באַנק און האַלב' אויסגעטון
בלייבט זי אויפן עלנבויגן אַנטשלאָפן, ביז בעדקעלע־וואַליאַנט קומט
אַריין אין דער פרי אַ שנאַפּס מאַכן. שלעפּט ער זי, ווי שטענדיק,
פאַר אַ פּיס, כיכיקענדיק, אַראָפּ אויפן פּאָדלאָגע. און אַז זי כאַפּט
זיך אויף, וואַרפט זי אַ פּאָר שרעקעדיקע אויגן אויף בעדקעלען,
שפּייט אָפּ, שטויסט אים אָפּ פון זיך און פאַרגעסט גאָר אָן די גוטע
פּלענער, וואָס זי האָט געהאַט אויף ביי טאָג מיט בעדקעלען...

---

# „רחב הזונה".

(פאַרצייכעניש פון די קינדער ־ יאָרן).

אין די סאַמע פרייליכסטע קינדער ־ יאָרן, ווען איך בין טאָג ־ טעגלעך געלאָפן אויפן פינפטן וויאָרסט פון אונזער דאָרף צו יאַלעשקען אין חדר, פלעג איך זיך מיט אַ באַזונדער אויפמערק־זאַמקייט אָפשטעלן ביי אַ הייזל אונטערן שטאָט. דאָס איז געווען אַ געביי, ענלעך צו אַ רויבירטער ווינט ־ מיל, — אַנאָרט, וואו סהאָט אמאָל אַ מילנער געלעבט, אַ פליגל זיך געדרייט, נאָר דורך עפעס אַ צופאַל פון אַ פאַרפלייצונג איז פון דעם אַלעם אַ סוף גע־וואָרן. און געבליבן זענען אַלס סימן מילנערישע שטיגלעך, וואָס פירן אין אַ בוידעם ־ שטיבל מיט אַ פענסטער, איבער וועלכן סהענגט אַ פאָרהאַנגל.

ביי אונז אין דאָרף האָט מען געשמועסט, אַז אין דעם הייזל קומען ביי נאַכט פאָר נישט קיין היימלעכע זאַכן; שוואַרצע יינגע לייט מיט קלאַרנעטן אין די הענט שפילן ביז שפעט אין דער נאַכט. אַ חוץ דעם האָט זיך דאָרטן פלוצלינג באַוויזן עפעס אַ מין פעלד־שערס טעכטערל, אַ חנדיל מיט לאַנגע צעפ, פון אונטער וועלכע סבלישטשען אפער רינגען ־ אוירינג, וואָס לאָזט זיך פאַרנאַכט

איבער די וועגן, כדי צו פאַרנאַרן דורכגייענדיקע — ווי אַמאָל, אַמאָל רחב הזונה.

די דאָרפס - לייט האָבן סאָרט אויסגעמיטן. דורכפאָרערס אויפן יריד פלעגן אַראָפּ פון די וועגן, נעמען די פערד פאַר די ציימלעך און דורכפירן איבער אַ ווייטערן וועג; פריילעכע חסידים לעך, פאָרנדיק ביינאַכט צום רבין, האָבן געזונגען הויך, שאָקלענדיק זיך מיט די האַלבע קערפּערס פון די פורן אַרויס, און ווי סאיז געקומען פאַרן אָרט האָבן זיי אָנגעצינדן די סמאָלע - פלאַקערן, זיך אַריינגעזעצט טיפער אין די געזעסן און באַפוילן דעם שמייסער, זיך צו פאַרקערוועון אָן אַ זייט; עלטערן האָבן די קינדער געוואָרנט: טאָמער גייט איר דורך, זאָלט איר זיך נישט אָפּשטעלן.

איך בין דאַן אַלט געווען פון עלף ביז צוועלף יאָר, — יענע גליקלעכע צייט, ווען סשטיפעריישע ייִנגל - האַרץ דורשט מיט עפּעס אַ אומרויקן פאַרגעניגען צו צעשטערן זיין פאַרבאָטענע וועלט; און פאַרביילויפנדיק דאָס הייזל, פלעג איך זיך אויף די שפּיץ פינגער שטעלן קוקן מיט אַ מין פאַרכטלעכער זיסקייט. די דאָזיקע זיסקייט האָט מיך געשראָקן: איך האָב מורא געהאַט, טאָמער וועלן טאַטע - מאַמע אַראָפּלייענען די זיסקייט פון מיין שטערן און שלאָגן עד לחורבן; יעדעס מאָל אָבער האָט מיך באַהערשט אַ לוסט אַרויפצולויפן אַהין, און יעדעס מאָל האָט מיך אָפּגעהאַלטן דער געדאַנק: צי זענען דאָרט קיין מרגלים נישט פאַראַן? ווילן זיך נישט קיין ייִנגעלייט אויף זונהשע קניעלעך? און . . . כבין אַנטלאָפן אין דער לעבעדיקער הויל אַריין.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן בין איך אויסגעשטאַנען שפּעט, אַזוי, אַז דורך די אָפענע פענסטער האָט געיאָגט אַ הייס ווינטל, וואָס שמעקט מיט וואַלד און צעלאָזטע סמאָלע. איך האָב אויף גיך אָפּגעזאָגט ברכה און אין זינען גענומען, זיך נישט אָפּצושטעלן; אַז איך בין אָבער אַרויס פון שטוב, און די הייסע זון האָט מ׳ר אַ

קלאַפּ געטון אין די אויגן מיט קאָלירן, האָב איך מיר אָנגעהויבן מאַרשירן פֿאַמעלעכער, ציענדיק דעם אָטעם מיט דער פרישקייט פון ווינט, וואָס האָט שטאַרק געשטראָמט פון די רוישיקע שאָסיי-ביימער און דורך דעם רויש פון ווינט אין אויער האָב איך פון גאַנץ ווייט דערהערט אַ ציש - ציק, ציש - ציק פון פליגן, וואָס האָט מיך פאַרזונקען אין אַ שטילינקען, שלאָפלאָזן דרימל פון האַלבן טאָג. אַזוי בין איך געגאַנגען מיט האַלב - פאַרמאַכטע אויגן, ביז איך האָב דערשפּירט אַ שאָטן פון אַ גרויסער זאַך, און איך בין שטיין געבליבן.

— עי, וואָס שטייסטו דאָרט? — האָב איך פלוצלינג פאַר מיר דערהערט אַ געשריי פון גדליה בעל עגלה אויפן פור, — דער אייגענער גדליה, וואָס קומט טאָג - טעגליך פון די ירידים מיטן בייטש - שטעקל אין האַנט און שווערט ביי אַלע הייליקייטן, אַז ער הערט נקבהשע געלעכטערס פון רחב הזונהס שטיבל. גדליה האָט מיך גענומען יאָגן, טאָפּטשענדיק מיט די פיס אויף איין אָרט; איך בין אָבער נאָר אַנטלאָפן ביז די פור האָט זיך פאַרלוירן אין דער טיפקייט פון שאָסיי, דערנאָך שטיין געבליבן אין דער זייט פון פענסטער, ווי עמיצער דרייט נאָך דעם קאָפּ צום ראָד צו, דערזעענדיק אַ שוואַלב פאַר איר נעסט און גיב דערויף אַזאַ פרייליכן קוויטש, אַז סלופּטשיקל פּראַלט זיך אויף, און עמיצער פרעגט:

— ווער ביסטו, יינגל דו, און פון וואַן קומסטו אַהער?

אויף אַזאַ אומגעריכטער פראַגע קען איך באַלד קיין ענטפער נישט געפינען, און איך בלייב שטיין מיט אויפגעריסענע אויגן צום פענסטער, וואו איך זע שוין קיינעם נישט. נאָר אין דער אָפענער מיר באַווייזט זיך עפּעס ענלעכעס צו אַ פרוי, אין אַ רויטן טוך, און ווייל זי שפּירט, קענטיק, מיין אומצוטרוי צו איר, ווייזט זי מיר פון ווייטן סמנים פון אַ מזוזה ביי דער טיר און אַ קדושין - פינגערל אויף דער האַנט, און זי נידערט אַראָפּ פאַמעלעכענקע, נישט צו וואַרפן אויף מיר קיין פּחד, אַ מאָל מיט אַ שמייכל אונטער זיך,

אמאָל מיט אַ פאַרריכט די האָר, ווי צו געפעלן. ווען זי שטייט שוין גאָר נאָענט, פרואוו איך אַ טאַפּ טון די פרענזן פון דער פאַטשיילע, צו זען, אויף וויפיל דאָס איז אַ ממשותדיק באַשעפעניש; הויבט זי מיך אָן אויספרעגן, ווער כבין און ווי איך קום אַהער. נאָר איך שטיי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, שפּירנדיק אַ פרענזעלע אויפן אויער, וואָס מאַכט מיך שוואַך צו ענטפערן און אייגצייטיק עפּעס אַזוי שטאַרק צו אָטעמען די לופט, וואָס שמעקט מיט דער פרישקייט פון גרינס אין שבועות.

— ווער ביסטו, זונה דו? רחב דו? פאַרוואָס איז דיין הייזל בישט ווי אונזערס? דיין פענסטערל ווי אונזערע פענסטערלעך? — שפּרינג איך אויף מיט אַ קינדישן פּאַדרוס, ווי וועלנדיק מיט אַמאָל אַ סוף מאַכן צו אַלעמען; זי הערט מיך אָבער גלייכגילטיק אויס, ווי דער נאָמען וואָלט איר שוין קומען, און זאָגט, אַריבערקוקנדיק צו מיר מיט דעם שמייכל צו אַ קינד, ווען ספּאַרלאַנגט אוממעגלעכעס:

— יינגעלע, נייגעריק יינגעלע, דאָס איז נאָך פאַר דיר צו פרי צו וויסן:

פון אַזעלכע ווערטער ווער איך העכסט באַליידיקט. ערשטנס וואָס פאַר אַ קליין יינגעלע בין איך עס איר; צווייטנס, פאַרוואָס איז דאָס פאַר מיר צו פרי צו וויסן, און איך נעם מיך טאַקע מאַכן גרויס: ברענג אין אָרדנונג דאָס היטל, פאַרשאַרץ די האָר:

אָט אַזעלכער בין איך.

אין דער מינוט באַטראַכט זי מיך, קענטיק, אויף וויפיל מקען רעדן מיט מיר פון ערנסטע זאַכן, און זאָגט, ווי צוצעשטערן די אויסגעטראַכטע ווערטער פון די דאָרפס - מענטשן, אַז זי איז בישט מער און בישט וויניקער, ווי אַ ווייבל מיט אַלעמען גלייך; אַ מאַן האָט סווייבל געהאַט, און צירונג און קופער און מעש; שבת, יום טוב זיצט מען ביי אַ אייגענעם שטענדער אין שול, אין דערוואָכנס ביזט מען אַרום אין שלאָפּקופּקע ביזן האַלבן טאָג; מען שאַפט זיך

מיט דינסטן און מען דערלאַנגט עסן דעם פרומען מאַן; און גאָר נישט מער, ווייל זי פלעגט זיך צולעגן בייטאָג מיט די בלויזע לאַנגע האָר פאַרוואָרפן פאַרן שפיגעלע, מיט אַ ביכל אין האַנט. האָט עס דער מאַן נישט געקאָנט פאַרטראָגן און איז אַ היים געפאָרן צו די עלטערן. דאָס איז איינמאָל אַוועק: אַ חוץ דעם פלעגן זי אייגענע טאַטע־מאַמע דריקן דערפאַר. עפעס איינמאָל האָט מען איר געוואָלט אין שלאָף די האָר אונטערשערן און זי איז אַנטלאָפן, אינגאַנצן אַנטלאָפן פון שטוב.

מיט די ווערטער קוקט זי מיך אָן; ווי געפעלט אַ ייִנגל אַזאַ מין זאַך? אָבער מיר געפעלט עס גוט און נישט מיט קיין ייִנגלישע געדאַנקען; עפעס האָט אָנגעהויבן אויפלעבן אין מיר אַ געפיל, ווי אַ מאָל, ווען אין שטוב איז קיינער נישטאָ און דאָס דאַוונען און אין חדר גיין ליגט אין מיין רשות. אַ פרעמדע פאַרלאָזטע אשה, טראַכט איך, אייגענע האָר, אַ שפיגעלע, און דאָס קאָן דאָך זיין מיין, איאָ?

אַציגד בין איך שוין אַ ביסל רויקער, טאַפּ אַרום אירע הענט און שטעל אָן עפעס אַ גוט פּנימל, אַז זי זאָל מיר אַ קוש טון אָדער איך איר פריער. און ווען זי גיט מיר אַ קוש, האָב איך שוין גאָר אינגאַנצן קיין מורא נישט: נאַ־זשע דיר שוין מיינע הענטלעך, טראַכט איך, און פיר מיך שוין צו דיר אויבן אין דיין שיין שטיבעלע. נאָר פלוצלינג, איידער איך שטעל אַרויף אַ פיס אויפן טרעפּל, פאַלט מיר איין צו זאָגן: זונהשע, כוועל דיך פרעגן אַ קשיה און דו ענטפער מיר:

— וואָס טוסטו דאָ גאַנצע טעג?

— דאָס אייגענע, וואָס דו. — ענטפערט זי ווייך.

— וואָס הייסט?

— דו, זאָגט זי, פרעגסט גמרא־קשיות און איך לעז ביכלעך, וועלט־זאכן.

— אַזוי? און נאָכדעם?

— עסט, מען טרינקט מען, אָדער מען טוט אָן די אויערינגלעך.

— און ביי נאַכט, זונשהע, ביי נאַכט? — פרעג איך פאַרטאַיעט

— און ביי נאַכט קומען געסט טרינקען טיי, אָדער מען גייט...
אין וואַלד און מען זינגט. . . און די לבנה שיינט. . . און שוין.

אין דער מינוט כאַפּט מיך ווידער אַרום אַנאומרויקייט, — איינע פון יענע אומרויקייטן, וואָס ווייזן זיך אויף די קינדער פּנימער דאַן, ווען זיי ווערן געוואָר, אַז די ווערטער, מיט וועלכע מען נעמט זיי איין, זענען אַ ליגן; און מיט עפּעס אַ טרויעריקן גמרא - ניגון, וואָס וויינט אין האַרצן, וואַרף איך אַ בליק איבער די טיפע, באַוואַקסענע ערטער ביים פענסטער, וואו סוואַקסן אויס פאַר מיר באַהאַלטענע מענטשן - מרגלים, טו מיך אַ ריס אַרויס און אַנטלויף אַנטקעגן ווינט, אַנוועדנדיק סהיטל.

גייענדיק איבערן וועג, האָב איך געטראַכט, וואָס צו טון. אין דרויסן איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג, די זון האָט אַראָפּגעגידערט העט העט, גלייך מיטן קוימענדל פון חדר; אַ היים גיין איז געווען צו פריי; אין חדר — צו שפּעט. איך בין אַלזאָ געבליבן אויפן וועג, אַרומבלאָנקענדיק זיך ביי די קליינע גרינע צעגעלניע - וואַסערלעך, וואו די פרעש לאָזן זיך הערן מיט איינציקע פאַרשפּעטיקטע האַלבע טענער, וועלכע חזרן זיך איבער יעדע מינוט, און צוזאַמען מיט דעם שוואַכן רוישן פון די טעלעגראַף - סלופּעס אין דער ערד, בילדן זיי אַזאַ מין מוזיק, וואָס פאַרטויבט די אויערן מיט איר שטילקייט.

נישט אַנדערש, — האָב איך געטראַכט — אַז אויף מיין פּנים איז קענטיק אַ צייכן פון דעם היינטיקן טאָג. דאָס וועלן טאַטע - מאַמע דערקענען, און זאָגן, אַז איך האָב געשמדטע אויגן, צו קוקן וואו מען טאָר נישט; איך האָב געשפּירט, אַז אין דערהיים דערוואַרט מיך אַ פּסק און דערפאַר בין איך געלאָפן, וואָס גיכער איבערצוקומען אים.

אַרייַנקומענדיק אין שטוב, האָט מיך די מאַמע באַגעגנט מיט אַפּאָר שאַרפע בליקן און געפרעגט: וואו ביסטוס געווען, תכשיט מייַנער? דערבייַ איז דער טאַטע פלוצלינג צו מיט אַ שטיוול און געשלאָגן, וואו סהאָט געטראָפן. אום צו באַשיצן זיך בין איך אַרייַן אין אַ ווינקל צווישן בעט און אַלמער, און מיט דערשטיקטע טרערן אַרויסגעקוקט אויף די צעהיצטע פּנימער פון די שטוב-מענטשן אויף צוזאַמענגנס איז אין שטוב פריער ווי שטענדיק געוואָרן אַ טומל: דער טאַטע איז אויפגעשטאַנען און מיט אַ בייז, נישט אויסגעשלאָפן קול געשאָלטן און געטריבן די הינער; און פלוצלינג איז ער צו צו מיר, געטון אַ ציִ אַראָפּ פון מיר די קאָלדרע, אָנגעטון אויף מיר סכאַלאַטל מיט די שטיוועלעך און גענומען פאַרן האַנט אַזוי, אַז איך האָב געמוזט לויפן געשווינד נאָך אים.

אַז מיר זענען אַרייַן אין חדר, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישע סדרה פון דערצערנען מיך מיט שטעך-ווערטער; דער רבי׳ וואָס האָט נאָר פון טאַטנס מויל געהערט אַ וואָרט, האָט באַלד געמאַכט אַ פרומע מינע פון כאַפּן בייַ אַנעבירה, און מיט אַ בתמיה-ניגון געפרעגט: וואָס מאַכסטו, זונעניו? די יינגלעך האָבן אונטערגעכאַפּט: וואָס מאַכסטו, זונעניו? דעם רבינס אייניקל, אַ קינד מיט אַ גרויס בויך, האָט געפּאַטשט צום טאַקט: דער זונעניט דייט, דער זונעניט דייט; איך האָב פאַרביסן געשוויגן און נאָכגעקוקט דעם פרייליכן טאַטן אין דרויסן, וואָס איז מיט פעסטע טריט געגאַנגען אַהיים, ווי ער וואָל אָפּטון אַ גרויס שטיק אַרבעט.

ווער סהאָט אָנגעהויבן בלויען, האָבן די יינגלעך גענומען זייערע סדורים מיט די גמרות אונטער די אָרעמס, און כדי אויסצולאַכן מיך, געמאַכט אַ גרויס געשריי אין דרויסן; מיך האָט באַלד דער רבי פאַרבעטן אין אַלקערל, דאָרט, וואו יינגלעך ווערן געשמיסן, און געזאָגט מיטן בתמיה-ניגון:

— ווארט נאָר אויף, וואָס קומט אַ בן סורר ומורה, דאָס ווידערשפעניקט אין טאַטע - מאַמעס ווערטער?

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, צו באַקומען מיינס, אין דערשפּירט עטלעכע לייכטע זעצן, דערנאָך האָט מיך דער באַהעלפער איבערגענומען אין זיינע הענט, מיט אַ שטרענקייט, פון וועלכער מיר איז אַ שווידער דורכגעלאָפן איבערן לייב, און נאָר ווען מיר זענען אַרויס אין דרויסן, איז ער צו מיר גוט געוואָרן און געזאָגט: אַנטלויף אַליין! און איך בין געלאָפן גישט ווי קיין געשלאָגן יינגל; פאַרקערט, איך בין געפלויגן אין דער ליניע פון הייזל, אָן זין, אָן געדאַנק, שטיקנדיק זיך פון ווינט, פון פרייד, און שלעפנדיק נאָך זיך די שטאַרק אַרויגענומענע האַנט פון באַהעלפער. נאָר דאָ האָט ער מיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט און אויסגעשאָסן מיט, אַ געלעכטער, אַז ער האָט עס אומישנע געמאַכט, און ער וועט מיר צושטעלן אַ בענקעלע. איך בין געבליבן שטיין געפאַנגען, מיט די אויגן צו די דינע פעדים פון שטערנשאָסן, וואָס זענען דאָ און דאָרט געפאַלן אוועק ערגעץ אויפן פוילישן וועג, וואו די געלאָדענע טעפּ און גלאָז - פורן שלעפן זיך שווער צום יריד; פון ערגעץ, וואו דער הימל האָט זיך נאָך געראַנגלט מיט דער נאַכט, האָט זיך שוואַך געהערט אַ דינינקער סיגנאַל פון אַ זעלנערישן טראָמייט: טי טי, ראַדאַ ראַ, וואָס צווינגט צו טראַכטן און זיך צוצוהערן צו דער ווייטקייט מיט אַ באַהאַלטענעם טרערען - שטראָם; דאָס האָט מיך געמאַכט האָרכזאַם, און איך האָב ווידער געהערט:

— ווער ביסטו, יינגל דו, און פון וואַן קומסטו אַהער?

— דאָרט אַרום? האָב איך מיך ביי דעם לאַנגפּיסיקן באַהעלפער געבעטן.

— דאָרט אַרום?

— ווי-וו-וואָס?

— דאָרט אַרומער?

דער באַהעלפער האָט איצט געשטעלט גרויסע שפּרייזן, און איך בין אים נאָכגעלאָפן, אומקוקנדיק זיך: איצט איז דאָס הייזל אַלעמאָל מער פאַרשוואונדן געוואָרן; פון צווישן די שאָסיי־ביימער האָב איך נאָר געזען דאָס ווייסע קוימענדל און אַ לאַנגן ווייסן פלעק פון אַ קאַץ, וואָס האָט זיך אומענדלעך געצויגן און איז צוריקגעפאַלן. — —

— — — — — — — — — — — — — —

אַז איך בין געקומען אַהיים איז שוין געווען גענוג שפּעט: ווייבער נאָך וועטשערע זענען געזעסן אויף די פּריזבעס און האָבן זיך שטיל געסודעט וועגן דעם געשעעניש פון מיין באַהעפט ווער מיט דער „קליפּה". דער באַהעלפער האָט מיך צוגעפירט צום שטוב און א קלאַפּ געבנדיק מיר הינטערוויילעכטס, האָט ער צו די שטוב־מענטשן אַ זאָג געטון:

— נאַט אייך דעם באָטשאַן אייערן.

איך בין, ווי נעכטן, אויך אַריינגעקומען אויף די נעגל און געשטעלט זיך אונטערן אַלמער רייבן די אויגן מיט אַ שטיל געוויין, טאָמער וויל עו מיך שלאָגן, איבערגעוואַרט ביז אַלע וועלן שלאָפן ג״ין, כדי איך זאָל רויק קענען אָפּעסן דאָס אויפגעגעבענע שיסעלע. דערנאָך האָב איך אַרויסגעשלעפּט מיין געלעגער און בין געגאַנגען שלאָפן.

---

פון דעמאָלט אָן בין איך שוין אַליין אין חדר נישט געגאַנגען. אין דערפרי האָט מיך דער טאַטע אָוועקגעפירט, פאַרנאַכט — דער באַהעלפער. טעג מיט נעכט זענען אַוועק, חדשים און יאָרן זענען פאַרבײַ, און דאָס הייזל מיט די טרע־ן און שמייכלען פון רחבֿ

זונהס פנים האָב איך שוין נישט געזען. אין דאָרף האָט מען גע. זאָגט, אַז רחבן מיט די לאַנגע צעפּ און קויל - שוואַרצע אויגן האָבן שדים פאַרטריבן און זיי יאָגן זי נאָך עד היום אַרום איבער פעלדער און וועלדער. מיך האָט אָבער מיין טרויער - נאָגנדיקע בענקשאַפט נישט באַרויקט, און אויף דעם אַכצנטן יאָר פון מיין לעבן, ווען איך בין שוין געווען גענוג רייף, האָב איך זי געזוכט איבער די טייכן און ברעגעס, געזוכט אירע טרערן און שמייכלען, —אָבער נישט געפונען. דאָס הייזל מיט דער שוואַלבן - נעסט איז געווען אַ חורבה, איר קערפּער — אַ ברעג זאַמד מיט אַ שטיין, אויף וועלכן סאיז אויסגעקריצט געווען „חצופה".

פון יענער צייט זענען שוין פיל וואַסערן אָפּגעלאָפן. דאָס, וואָס איז פאַרגעקומען פאַר דעם און דעם — געדענק; איך נישט דאָס אָבער, אַז סאיז געווען אַ ווייבל מיט צעפּ און דערפאַר איז זי פאַרלאָזן געוואָרן — דאָס געדענק איך גוט.

---

# כלי־זמר.

נאָך האַלבן טאָג. דאָס שטיבל אוטערן שטאָט מיט איר האַלבדאָרפישן אויסזען, שטייט אָפן געגען דער הייסקייט פון טאָג. אין דרויסן, אויף די שטאַכעטן, וואָס שטייען העלפט אין ברענענדיקער זון העלפט אין שאָטן, הענגט נאַס גרעט, וואָס ברענגט אַריין איז שטוב אַ פייכטן נודנעם ריח פון מידלענעס.

יונה, אַ דאָרף־כלי־זמר, וואָס איז גאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון שלאָף, שטייט פאַרן פענסטער, די הענט אין די קעשענעס און טרייבט אָפּ פון פנים די פליגן, וואָס דערמידן דעם געדאַנק.

אין דער אָפענער טיר האָט זיך דערזעהן באַוויזן אַ יינג ווייבל אין קלאָרן אָנגעטון. דאָס איז די שכנטע כלי־זמרקע, וואָס קומט שטענדיק נאָך האַלבן טאָג דערציילן די גליקן פון איר מאַן; און ווייל זי האָט אָן יונהס פנים דערקענט די צערודערטקייט פון הייסן טאָג, האָט זי געזאָגט מיט עפּעס אַ געטריי שמייכל:

— און איר, יונהשי, וועט שוין אַזוי אָפּשלאָפן די טעג?

יונה איז שטיין געבליבן אין דער פּאָזע פון יענע אַלטע בערוועזע מענטשן, ווען מוואַרפט זיי אויף די פעלערן פון זייער לעבן, און מיט אַ פאַרביטערטן בליק דורך די גרוי־אַריבערגעוואַקסענע ברעמען, האָט ער געטראַכט:

האַלבער טאָג. סוויב איז אַוועק צום טייך שווענקען גרעט, די קינדער לויפן אַרום הוגעריקע אין דרויסן און דאָ איז די שטוב אָפּגעלאָזן — קיין צאָן נישט אויסצושטעכן. און ער, דעם ווייבלס מאַן, זיצט איצט ערגעץ אויף אַ חתונה צווישן גוטע שטאָטישע כּלי-זמרים. איצט מאַכט ער נאָר פּראָבע . . . ביינאַכט וועט ער טאַקע שפּילן . . . שפּילן און טאַנצן . . .

ער האָט לייכט אַ פּיר געטון מיט די פינגער איבערן טיש:

שוין העכער פערציק יאָר, אַז ער וואוינט אין דעם הייזל — אַ ירושה פון אַ טאַטן, דער דרדקי-מלמד; דאָ האָט ער צו מזל חתונה געהאַט, פון דאַנען איז ער אויף סלוזשבע געגאַנגען. דאַכט זיך, אַז דאָ זענען די צייטן געוועזן בעסערע. דאָס הייזל, וואָס שטייט איצט מיט איין פּיס צום בעל-חוב און מיטן אַנדערן צו אים, האָט קיין חובות נישט געהאַט, קיין סעקוועסטראַטאָר נישט אָנגעקוקט. אַחוץ דעם איז עס אַמאָל גאָר ביי געוועזן, און סוויב איז געוועזן גוט און יונג, און ספּידעלע האָט בעסער געשפּילט, — דאָס פאַר-שאָלטענע פידעלע, וואָס שלעפּט זיך שוין אַרום איבער די דערפער העכער פינף און צוואַנציק יאָר, שפּילט. שפּילט און שפּילט גאָרנישט אויס, ווי זי וואָלט חוזק מאַכן — די קאַנאַליע! — פון איר אַלטן בעל-הבית. און ציגעלעך פון דער מויער פאַלן איינציקווייז און די סטרונקעלעך פלאַצן ביסלעכווייז — אָך, טרוקענע יאָרן!

ביי די לעצטע ווערטער האָט ער אַזוי הויך אַ קלאַפּ געטון, אַז דאָס דערשראָקענע ווייבל איז שנעל אַרויס, איבערלאָזדיק נאָך זיך אַ ריח פון צוגעברענטע מילך, וואָס האָט געשוועבט אין דער לופט, ווי דאָס נודנעקייט פון אַ רפואה. אין דער מינוט האָט זיך אויף יונהס פּנים באַוויזן אַ גרימאַסע פון נישט קענען לענגער זיין אין שטוב. ער האָט פויל גענומען נישטערן צווישן די מאַלבושים, פאַרוואָרפן דאָס סאַקל מיטן אַכטקאַנטיקן היטעלע און איז אַרויס פאַר דער טיר.

פון דער נאַנט איז אָנגעקומען אַ ציגל - פור, וואָס לויפט פון שטאָט אין דאָרף אַריין. ער איז אויפגעזעסן מיט די פיס אַראָפּ, נאָכקוקנדיק דאָס קוימענדל פון הייזל, פון וואַן ספּעלן אַ סך, אַ סך ציגל . . .

ווען די פור פאָרט אָפּ אַ שטיק וועגס, פאַרשטעקט יונה האַנט אין האַנט און ער שטעלט אָן די האַלב - פאַרמאַכטע דרימלענדיקע אויגן אויפן פויער, וואָס קומט אים אויס פאַרדעכטיק איבער זיין נישט אַראָפּגענומען סהיטל פאַרן צלם. און כדי צוצעשטערן דעם גאַנג פונם פויערס פאַרברעכערישע געדאַנקען, זאָגט ער:

— היי - יאָר איז פונדעסטוועגן געראָטן

— הם, הם, — ענטפערט דער פויער.

— נאָר וואָס, רעגן פעלט אויס.

— אי דאָס וועט זיין.

— מזאָגט דאָך אָבער, אַז ביי אייך הערשט עפּידעמיע?

— עס!

אַ לאַנגע נאָכטראַכטנדיקע פויזע.

די פור שלעפּט זיך פאַמעלעך. דער שאָסיי פוןביידע זייטן ווערט פאַרשלאָסן, און אַ קיל ווינטל, וואָס וועקט הונגער און אומ-היימלעכקייט בעסט דורך יונהן. נישט צו פאַרלבאַנדזשען אין קיין שלעכטע געדאַנקען, זאָגט ווידער יונה:

— שמועסט מען עפּעס ביי אייך פון מלחמה?

דער פויער גיט אַ מאַך מיטן האַנט:

— אַ סימן נישט.

— און רעוואָלוציע?

— קיין שפור.

סוואָרט: „קיין שפור" בצאומרויקט יונהן. אים דאַכט זיך, אַז ווען אַ שטייגער סזאָל זיין אַ שטיקל מלחמה אָדער אַ וועלט-איבער-קערעניש, וואָלטן אַזעלכע כלי - זמרים ווי ער אַנדערש אויסזעען־

זיי האָלטן אויך פאַרנעמען אַנאָרט אין שטאָט און שפּילן פאַר חתו־נה און אויף רעפּעטיציעס. און קיין קינדער וואָלטן נישט געהויבּ־ערט און דאָס ווייב וואָלט נישט געשאָלטן. און אַזוי אַנערך אין הונדערט יאָר אַרום וואָלט מען זיין נאָמען דערמאָנען, ווי מען דערמאָנט די גרויסע כּלי־זמרים פון די גרויסע שטעט: אַז ער, עליו השלום, האָט געקענט אָפּשפּילן אַ אל מלא רחמים אָדער אַ חזניש שטיקל.

מיט אַ פלאָנטער פון געדאַנקען גיט ער נאָך איינמאָל אַ בליק אויפן קוימענדל פון הייזל, וואָס זעט אויס ווי אַ פּינטעלע איבער צאנאות, און . . . דרימלט איין.

---

ביים אָנקומען טרעט ער צוערשט אַראָפּ אין גאַסט־הויז: צי וואַרט דאָרט נישט עמיץ אויף קיין כּלי־זמר? ער פרעגט, ווי זיין געוואוינהייט, אויפן געזונט פון די שטאָטישע, אויף געשלאָסענע שידוכים, און ווען מען ענטפערט אים, אַז אַלץ איז ווי געוועזן, טרינקט ער נאָר אויס פאַרן אייגענעם געזונט און זעצט זיך אַוועק מיט אָנגעבלאָזענע באַקן אויספייפן אַ לידל, וואָס דערמאָנט אָן יענעם מאַרש, מיט וועלכן מבאַגראָבט דעם זעלנער אויפן בלויזן פעלד. אַ שטיקל צייט שפּעטער הויבן זיך אָן צוזאַמענקומען מענטשן אויף וועטשערע — דאַן נעמט זיך יונה צו זיין אַרבעט: פאַראַן דאָ אַ מיידל ביילע, וואָס טראַכט שטענדיק וועגן אַ חתן שמואל. אַ גאַנצן טאָג איז זי כאַרנומען, נאָר ביינאַכט, ווען די אַרבעט איז אָפּגעטון און די שטוב איז אויפגערוימט — זעצט זי זיך אַוועק אויסזינגען איר לידל! „כבין אמאָל אַ מיידל געוועזן, אוי־אוי! האָב איך געקושט, אוי־אוי! . . . האָב איך געליבט, אוי־אוי! . . . האָב איך צום האַרצן צוגעדריקט, אוי־אוי! . . ." יונה בעגלייט

איר דעמאָלט אויפן קלאַרנעט און באַקומט דערפאַר פון קרעטשמע צו עסן פאַר זיך און אויך אַהיים צו טראָגן . . .

נאָך אַזאַ טאָג ווערט אין שטוב ביי יונהן אַ ביסל היימלע־כער: דאָס געבראַכטע עסן ווערט ברייט אויפגעלייגט אויפן בעט און דערפון געניסן אַלע, אויך די קאַץ מיטן הונט. און יונה, אַ מידער, ליגט אין אָנטון איבערגעדעקט מיטן בעטגעוואַנט און דורך אַ דאַמפּיקער הייסקייט פּלאָנטערט זיך אים עפּעס אין געדאַנק . . . ער הייסט אַלעמען גיין שלאָפן און אַליין דרייט ער זיך אויס מיטן פּנים צו דער וואַנט, הערנדיק הינטער זיך אַ שושקעריי צווישן מאַמע און קינדער וועגן דעם, וואָס דער טאַטע הייסט אַזוי פרי שלאָפן גיין. שפּעטער אַביסל הערן זיך שטילע טריט, וואָס דע־גענטערן זיך צום בעט:

— יונה! יונהשי! . . .

יונה פּרוּווט אויפהייבן דעם קאָפּ.

— די שלאָפסט, יונהשי?

— ??

— איך האָב טאַקע נאָר געוואָלט אַ קוק טון, צי דו שלאָפסט? דאָ ווערט שרה פּלוצלינג גוט און נעמט אויספרעגן, ווי די חתונה איז צוגעגאַנגען, וואָסערע דרשה ־ געשאַנקען זענען געפאַלן וועלכע ניגון האָט מען געשפּילט . . . יונה ליגט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן און זעט גוט די פּערקאַטשעטע פּלאַכע הענטלעך, וואָס זענען עקסטרע אַנטבלויזט, נישט צו לאָזן אים שלאָפן, רעדן און רעדן פון דער חתונה און דערנאָך וועט זי געוויס אַ פרעג טון וועגן חתונה ־ געלט , . . . ער שיסט אויס מיט אַ געמאַכטן האַלב־שכורן, האַלב ־ שלעפערדיקן קול, אַז די חתונה איז געווען אַבאַרימע: סך־הכּל האָבן ראָרט געטאַנצט אַ פּאָר מיידן . . . געטאַנצט און גע־דרייט זיך אין קאָן מיט ליידיקע קעשענעס . . . און . , . שוועס־טער־לעבן, אומזיסט זיך ייגב געמאַכט . . . גיי שלאָפן!

די יידענע גייט אַהער שלאָפן מיט אַ טרויעריק און גענעכ־
דיק זיפצן, און יונה הויבט אָן ביסלעכווייז אַרויסרוקן און אויפהוי־
בן דעם קאָפּ. דאָס פרישע ווינטל, וואָס שמעקט מיטן שכנישן זאַט
קייט, די יינגע שכנטע מיט די אויסגעשלאָפענע אויגן און דער
לאָקן אויף דעם באַגראָבענעם זעלנער, וואָס קוקט צו אים גלייך
אין פענסטער אַריין, — לאָזן אים נישט שלאָפן און צווינגען אים
צו קוקן גלייך צו דער פידל; זיבעציק יאָר איז די עלטער פון זיין
פידל, געהאַלטן האָט אים אַמאָל אַ גרויסער קענער, וואַלסען און
ראָמאַנסן געשפילט, אָפּגעלעבט מיט איר צוואַנציק יאָר און גע־
שטאָרבן; שפּעטער האָט איר געהאַט זיין זיידע אויף חתונות, מצוה
טענץ געשפּילט און מיט אַ רויקער עלטער געשטאָרבן.

איצט דריקט איר שוין העכער פינף און צוואַנציק יאָר זיין
פראָסטע האַנט און . . . ער וועט אויך שטאַרבן.

פינף און צוואַנציק יאָר האַלט ער די פידל — אַמאָל, אַמאָל
נאָך אין די קינדישע יאָרן, אַז ער האָט אַרויפגעלייגט דעם ערשטן
פינגער אויף די סטרונעס, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז גאָר אין
קורצן וועט ער שפּילן די צווייטע פידל; ווען דער צווייטער פינגער
האָט זיך אויסגעאַרבעט, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער וועט
שפּילן די ערשטע פידל; ווען דער דריטער איז שוין געלעגן, האָט
זיך אים פאָרגעשטעלט אין קורצן צו „קאָמאַנדעווען" מיט אַ סך
פידלען.

דער שטילער שלאָף ווערט אין שטוב אַלץ שטאַרקער. סדאַכט
זיך אויס, אַז דאָס פרישע ווינטל פון דרויסן צוזאַמען מיט אַנעכאַ
פון אַ קוקאַווקע מאַכט חלומדיק דעם שלאָף. איין יונה נאָר קען
נישט שלאָפן: — ווען ער האָט אַרויפגעלייגט איין פינגער האָט זיך
אים אויסגעדאַכט, אַז ער וועט שפּילן די צווייטע פידל; ווען דער
צווייטער פינגער האָט זיך אויסגעאַרבעט, האָט זיך געדאַכט, אַז ער
וועט שפּילן די ערשטע פידל; ווען דער דריטער פינגער איז גע־

בענן, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער וועט קאָמאַנדעווען מיט
צאַ־ט־ט־ך אַ־ט־ט־ך פּ־ם ידלען.

— — — — — — — — — — — — — —

א זעץ פון אַ שטאַרקער מוזיק שטערט יונהס געדאַנקען —
דאָס האָט ערגעץ, וואו דער שכנטעס מאַן אויפגעשפּילט מיט זיין
קאַפּעליע.

---

# שונאים.

(א קינדער מעשה).

מיר זענען צוויי היימישע חבריםלעך, איך און ירחמיאל'כ' דעם שוחטס. מיר זענען געווען היימיש, ווייל אונזערע טאטעס האָבן געצויגן יניקה איינס פון דאָס צווייטע, און וואָס דער שוחט האָט געשחטן איז געקומען דער טאַטע און דאָט געשונדן. . . אמת טאַקע, ביי אַנדערע גרויסע זאַכן זענען זיי נישט גלייך געווען: איינמאָל אין צוויי וואָכן פלעגט דער טאַטע קריגן „הגבהה וגלילה" און דער שוחט אַלע וואָך ששי; פונדעסטוועגן האָט מען זיך אונז געלאָזט חברן, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז איך בין נישט קיין פאַרשייטער און האָב נישט אין זינען קיין מחשבות רעות, — כאָטש אַ שינדערס אַ יינגל.

געלערנט האָבן מיר דעמאָלט ביי יאַלעשקי דעם רבין, אַ קראַנקער יונגערמאַן, מיט אַ פיעגאָוואַטן פנים, וואָס האָט נישט געקאָנט גיין ווינטער - צייט פון דאָרף צו דאָרף, און האָט זיך דינגען באַזעצט צווישן אָלשיצא און זשעלענקע, צוויי ווייטע דערפער, וואו די יינגלעך פון די אַרומיקע דערפער פלעגן זיך צונויפלויפן מיט אַלערליי מינים געבעקטסן, אויף אַ גאַנצן טאָג עסן.

איך מיט ירחמיאלקען פלעגן מיר אויפשטיין גלייך צום גיין אין חדר אריין, מיר פלעגן זיך מיטנעמען גלייך עסן און טרינקען, גלייכע גמראלעך צום לערנען; נישט מער, וואָס מיין גמראלע איז געווען אָן טאָוולען און זיינס געליישט מיט גאָלד פון אַ גאַנצע ש״ס.

געלעבט האָבן מיר צווישן זיך זייער גוט. מיר פלעגן, גייעדיק אין חדר באַלד באַגינען, זיך אויסבאָדן אָדער דרייען זיך אויף דער קאַרוזעלע און פאַרן רבין עס נישט דאַרציילן; אויסטוישן זיך מיט עסן און חפצים און אין שטוב פלעגט דערפון קיינער נישט וויסן; נישט מער, וואָס מיין חבר איז געגאַנגען אַ קאַפּאָטקעלע פון רייגעם טוך און איך — אַ צייגנס, מיין חבר האָט אַ סאַמעט-היטל געהאַט, איך — אַ טוכנס . . .

## ג

ווען די מעשה דערציילט זיך, זענען מיר שוין ביידע געווען אויסגעוואַקסענע קינדער פון אַ יאָר עלף - צוועלף: מיר האָבן שוין אויפן קאָפּ געהאַט דעם טאַטנס הבטחה, אַז מיר זענען שוין גרויסע מענטשן, בר - מצוהניקעס. קיין נאַרישע שפּילעכצער האָבן מיר שוין נישט אין זינען געהאַט, אַ חוץ זומער פאַרנאַכט קומענדיק פון חדר אַ כאַפּ אַראָפּ טון זיך אויפן פּלאַץ, וואָס איז אַרום און אַרום באַלעגערט געווען פון זעלנער - פּאַלאַטקעס, און אַ גרויסע זון האָט גערויטלט די שפּיצן פון די פּאַלאַטקעס, פון וואַנען מהאָט געטראָמייטערט אויף „מאָליטוואַ״ . . .

דאָרט פלעגן מיר צו - לעבן פון פאַרנאַכט ביז שפּעט אויף דערנאַכט; דערוואַקסענע ייִנגלעך און מיידלעך האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין אַ רעדל און מען האָט געהיפּט און געטאַנצט ביז שפּעט אין דערנאַכט, יעדער מיט זיין פּאָר, ווי אַמאָל אין ארץ ישראל.

און די מיידלעך מיט די ייִנגלעך האָבן געהיפּט און געטאַנצט אַלע ביי די הענט, קיינמאָל זיך נישט אָנגעטאָוירן, און אַז עמעץ

איז געבליבן אָן זוהג אונטער רעדל, האָט עס אים אויך נישט פאַרדראָסן, — מיר זענען געווען גוטע קינדערלעך . . .

איינמאָל איז צווישן די מיידלעך צוגעקומען א פרעמדע. ווי מען האָט געוואוסט, איז זי געווען א פאַדריאַטשיקס א אייניקל, וואָס פלעגט קומען מיטן טאַטן אין לאַגער אריין פון זומער צו זומער אויף פרישע לופט, און ווען דער טאַטע מיט די זעלנער פלעגן צוריק ציען אין שטאָט, איז זי מיט מיט זיי.

דאָס איז געווען א הויך בלאָנד מיידעלע, געלאָסן ווי א גרויסער מענטש. און כאָטש מען האָט איר מער נישט געשאַצט ווי פון א יאָר צוועלף, איז זי עפּעס פאַרט אויסגעקומען ביי אונז עלטער, פרעמד אין אונזער שפּיל . . .

כוויס נישט, פאַרוואָס דאָס איז געווען: ווען מיר האָבן איר געזען, זענען מיר ביידע, איך און ירחמיאלקע, שטיין געבליבן פאַרוואונדערט און אַנטשטוינט, ווי אויף א גייער זאַך, ביידע מיט די פינגער אין מויל און אויסגעגלאָצטע אויגן, און ביידע האָבן מיר געפּרואווט שטעלן א טריט צו איר און צוריק אָפּגעטראָטן היני־טערווייילעכטס, אַ טריט — און צוריק אָפּגעטראָטן. מיין חבר, וואָס איז געווען פריילעכער פון מיר, האָט איר פלוצלינג א נעם געטון פאַר די הענטלעך און געפרעגט:

— שפּילן מיר זיך?

— שפּילן מיר זיך, — האָט זי געענטפערט פאַרשעמט פאַר מיין חבר.

— אין וואָס, א שטייגער?

— אין וואָס דו ווילסט.

— אפשר אין חתן - כלה? האָט מיין חבר געשמייכלט.

— זאָל זיין אין חתן - כלה.

און מיין חבר האָט איר באַלד ווידער א נעם געטון פאַר די הענטלעך, אליין באַוונגען די כלה, אליין באַזעצט, אליין בשים

מיט האָפן, און אַליין געפירט איר אונטער די הענט. מיך האָט ער באַלאָזן פון הינטן.

האָט עס מיך געאַרט? ניין.

ווייל באַלד ווי נאָר מיין חבר איז מיט מיר אַוועק אַהיים, האָבן מיר זיך געשיפט אָדער געהיט איינער דאָס אַנדערע, אַז קיין הינט זאָלן אונז נישט באַפאַלן.

איינמאָל האָבן מיר זיך געשפילט זאַלבעדריט.

דער פלאַץ איז שוין געווען ליידיק פון קינדער, מיר האָבן זיך געשפילט אין ווידע - באָבע. און ווייל דאָס טיכל איז ביי מיר געווען אַראָפגערוקט פון איין אויג, האָב איך דערזען ווי דאָס מיידל האָט זיך באַהאַלטן אונטער אַ בוים.

איך בין אויף די נעגעלעך צו צו איר און אַ פאַק געטאָן פאַרן הענטל — זי האָט זיך צעלאַכט . . .

מיין חבר, וואָס האָט כסדר געבלאָנדזשעט אין דער פינס- טער, האָט זיך דאָס טיכל אַליין אַראָפגעריסן פון די אויגן, איז צו- געלאָפן מיט פאַרדרוס און אַ געשריי געטון צו מיר:

— לאָז אָפ דאָס הענטל!

— און אַז נישט? — האָב איך מיך איינגעשפאַרט.

— לאָז אָפ! אַנישטן קריגסטו באַלד אָט דאָס אָ! האָט ער צוגעלייגט אַ פויסט צו מיינע אויגן, דערנאָך מיך אַ שטופ אָפ געטון אַז איך בין אָפּגעשפרונגען אויף עטליכע טרים. מיך האָט עפּעס אַ שטשיפ געטון פאַרן האַרץ, ווי איך וואָלט וועלן אַרויפשפּרינגען מיט די נעגל אויף אים, נאָר ווי זי האָט צוגעצויגן אונזערע הענט צו מאַכן שלום, בין איך צוריק ווייך געוואָרן און זאַלבעדריט האָבן מיר זיך פאַנאַנדערגעזעצט אין אַ ראָוו פון בלויז געלע בלימלעך.

פונדעסטוועגן, אַז מיין חבר האָט זיך אָפּגעקערט, האָב איך זי אויף גיך אַ פרעג געטון:

— ווי רופט מען דיך, מיידל?

— מיך רופט מען פּ־פויגל — ציט זי לאַנג די ווערטער.

— פון וואַנען ביסטו, פויגל?

— פון אַ גרויסער שטאָט.

— בלייבסטו דאָ לאַנג, פויגל?

— אַ גאַנצן זומער, מיט די זעלבער צוגלייך, דערנאָך פאָר איך מיטן טאַטעשי אַהיים.

מיין חבר אָבער דערשפּירט עס; הויבט ער אָן קרום קוקן, ווי איינער וואָס מען טוט אים אַנעוולה, און בורטשעט:

— קום אַוועק פון דאַנען, פויגל, רעד נישט צו אים. און זיי גייען זיך פּאַמעלעכל אַוועק.

מיך לאָזט ער פון הינטן, נאָר קיין פאַרדרוס האָב איך נישט, ווייל כ'ווייס, אַז ער איז פריילעכער פון מיר און קען זיך בעסער שפּילן.

ווען סמיידל גייט אַ היים שטעלט מיין חבר אָן אַ ברוגז פּנים און זאָגט:

— מער שפּילן מיר זיך שוין נישט מיט דיר.

— פאַרוואָס?

— מיר גלוסט זיך אַזוי און שוין.

און מיר גייען שוין טאַקע נישט אינאיינעם אַהיים, כאָטש מיר שפּילן זיך נאָך ברוגזערהייט. איינמאָל באַגעגענען אונז אַ חברה קליינע ציגיינערלעך, גרויסע קונדסים, קופּער־ און מעש־גנבים, וואָס האָבן ליב נאָכצויאָגן גרויסע ווייסע נקבות; ווי זיי דערזעען אונז, כאַפּן זיי פויגלען אַרויס פון אונזערע הענט און אונז באַוואַרפן זיי מיט שטיינער.

— וואַרט, זיי וועלן דאָ באַלד האָבן — שפּיי איך אָן די הענט, קוקנדיק אויפן שרעקנדיקן פּנים פון מיין חבר. איך לויף צו מיט אימפּעט, איין ציגיינערל פּאַטש איך אָן, איינס — וואַרף

איך אַנ׳דער, פאַר די רעשט האָב איך קיין מורא נישט און קום צו מיט פויגלען גלייך צו מיין חבר.

ירחמיאלטשיקל מאַכט זיך, ווי דאָ האָלט קיין זאַך נישט פאָרגעקומען. איך, זאָגט ער, האָב גאָרנישט געטון, א בעל - פחדן בין איך, א גולם, און ער גייט זיך אוועק פון מיר מיט פויגלען.

אזוי? וועל איך דיר שוין א בעסער שפיצל אָפטון.

אויף צו מאָרגנס מאַך איך מיך קראַנק נישט צו גיין אין חדר, און ווי נאָר די זון הויבט זיך אָן זעצן, לויף איך גלייך אהין, אויפן פּלאַץ.

— ביסט דאָ, פייגעלע קליינס? — פרעג איך מיט פרייד, ווי איך וואָלט פאַנגען א גאָלדן פישל.

— און זע נאָר, ווי ירחמיאלטשיק איז נאָך נישט דאָ, — פאַרלייגט זי א פינגער אויף א באַק.

— גיי, וואָס דאַרפסטו ירחמיאלטשיקן, ער איז א שלעכטער יינג, אָט דער ירחמיאלטשיק, און שוין.

איך האָב אָפּגעריסן א פּאָר געלע בלימעלעך און צוגעלייגט צו איר נאָז. זי האָט א שמעק געטון און אוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

— ס׳שמעקט נישט? האָב איך געפרעגט.

— ניין, האָט זי געדרייט מיטן קאָפּ און פאַרשטעלט מיט די הענט דאָס נעזל.

— אפשר שפּילן מיר זיך, פייגעלע.

— וואַרט אויס, זאָגט זי, זאָלבעדריט וועט זיין היימלעכער.

אָבער מער וויל איך שוין צו איר נישט רעדן. ליג איך מיט די אויגן צו דער געמבע פון דער לבנה און טראַכט:

„דו ביסט א פּאַסקודנע מויד און לאָזען דיך בייזע הינט באַפּאַלן"!

דערווייל הער איך א שאָרכן אין גראָז, ווי סוואָלט קריכן א

גרויסע קאָן הינטער מיר, און מען גיט מיך אַזאַ שלײַדער, אַז איך פאַל בײַ אָפּגרונט פון ראָוו.

װער איז עס? ירחמיאלטשיק. איך הױב מיך אױף, שפּײַ אָפּ די הענט, און שטעק אױס צװײ פינגער אָנצוכאַפּן אים פאַרן האַלדז, קומט אָבער אונטער פײַגעלע מיטן פאַרטוכל אין האַנט, װי צו פאַרשטעלן אים.

אױף צופלײַסען, זאָגט זי, האָט איר עס געמאַכט, אױף אַ געלעכטער, און שלום, שוין.

זי ציט צו אונזערע פינגער, און דערפון װערט מיר גרינגער אױפן האַרץ. מיר גיבן זיך נאָר צװײ שטילע קניפּן פון יוצא װעגן; מיך אַרט שוין אָבער נישט, נישט פאַר נעכטן און נישט פאַר אײַערנעכטן. אין דער אמתן: פאַרװאָס זאָל מען אײביק ברוגז זײַן?

— הײדאַ, שיפּן זיך, קאָמאַנדעװעט שוין פײַגעלע, אַ סימן, שלום.

אױפן טײַך איז געשװאומען אַ גרױסע דעק, אַ װאַנט פון אַ אײַנגעפאַלענער סוכה, װאָס איז שטענדיק געלעגן אױפן װאַסער. פאַרן װאַסער האָב איך קײן מורא נישט געהאַט. איך בין צום ערשט אַרױף, נאָך מיר מײַן חבר און פײַגעלע, און די שטערנדלעך אין הימל האָבן זיך ביסלעכװײַז אָנגעצונדן און אױפן װאַסער האָט זיך װי אַ שפּענדל אַרױף און אַראָפּ געװיגט דאָס װענטל.

— נאָר גלײַך געשטאַנען. — האָב איך געבעטן פײַגעלען, װאָס האָט זיך געהױדעט אַהין און אַהער, אָנגעכאַפּט אַ מאָל מיט װינט און געקװיטשעט — און איך האָב צוגעהאַלטן אירע הענטלעך.

ירחמיאלטשיק, װאָס איז אַרױסגעקומען פון הינטן, האָט אָנגעהױבן בורטשען און בלאָזן זיך; האָב איך טאַקע באַלד אָפּגעלאָזט אירע הענטלעך, און אַ שמײכל געטון צו אים:

איך האָב נאָר געמײנט צו־צו־האַלטן אירע הענטלעך.

ירחמיאלטשיקל אָבער האָט עס מיר נישט געקאָנט מוחל זיין.

ער האָט מיך מיט אַ קאַנט פּלייצע געגעבן אַזאַן שטויס, אַז איך בין געפאַלן דריי מאָל קאָזשעליק אין טייך, און אָנגענומען אויער און אויגן מיט וואַסער — — — — — — — — — — — —

וואָס נאָכדעם איז געווען געדענק איך נישט, נאָר אַז מען האָט מיך אַרויסגעצויגן פון טייך, האָב איך קיינעם נישט געזען, חוץ אַ ליידיקע ברעט.

— — — — — — — — — — — — — — —

פון דעמאָלט אָן בין איך שוין מיט מיין חבר אין חדר נישט בעגאַנגען, אויפן פלאַץ זיך נישט געשפּילט; אַ חוץ אַ פּאָר זומער שפּעטער, ווען זי איז נאָכאַמאָל געקומען מיטן טאַטן, אין לאַגער אריין, האָב איך זיי געזען זיצן באַטראַכטן אַ תּפילין - זעקעלע און אַז זיי האָבן מיך דערזען, האָבן זיי זיך גענומען סודן — מסתּמא, וועגן די אַלטע מעשיות.

---

# פאַניטשעק.

## זיין יוגנט.

פון זיין כאַראַקטער האָט פאַניטשעק גישט באַלאַנגט צו יענע יונגע פערדלעך, וואָס האָבן ליב די פרייע לאָנקעס, דאָס שפּרינגען, יאָגן זיך, הירזשען און לויפן וויאָרסטן־ווייט איבערן גרינעם שטח, דען ער איז געווען אַ שטיל בכבודיק פערדל, וואָס האָט ליב געהאַט דאָס איינטאָניקע שטאַל־לעבן פון אַ טאַטן, אַ מאַמען און אַ גוט געבעט געלעגער.

פאַניטשעקס מאַמע איז געווען אַן אַלטע באַקאַנטע שקאַפּע, א פוילע, קראַנקע, זי האָט געדינט אין אַ גלאָז־הוטע איבער פופצן יאָר. פון קוקן אייביק אין רויטן פאַבריק־גלאָז־אויוון, וואָס האָט געברענט בייטאָג און ביינאַכט, איז זי בלינד געוואָרן. פון שלעפן טאָג און נאַכט האָלץ און גלאָז־טראַנספּאָרטן אהין און צוריק — איז די הויט פון די אונטערשטע פיס שטענדיק אָפּגעריבן געווען.

טיילמאָל איז זי שטיין־געבליבן אין מיטן וועג גלאַט אַזוי אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין איין ריכטונג, געקוקט אין הימל אַריין.

זי איז שעהנדייז געשטאַנען מיט דער טאָרבע אויפן האַלז און געפּאַרסקעט און געקייט, סיי זי האָט יאָ באַדאַרפט, סיי נישט. האָט געמעגט באַרטש, דער גוי, זיך צלמען און וואַרפן אין דרערד אריין, אַז זי באַלעמוטשעט אים, האָט עס אים גאָרנישט געהאָלפן און עס איז נישט געווען דער וועג, וואו די שקאַפּע זאָל נישט אָ- וועקבלאָנדזשען איבער ווייטע זומפּן ערגעץ, וואו גראָז - לצים אָ- דער שדים שפּרינגען אַרום. האָט זי, די שקאַפּע, געבענקט אַמאָל צום פערד? האָט זי געבענקט צו אים, צו אַ פרייער לאָנקע? ניין, דאָס איז געווען גיכער אַ נזיר צווישן פערד, אַן איינזאַמע פיר - פיסיקע חיה, אַ דאַרע מיט גרויסע שפּיציקע ביינער, אַ קאָפּ אַ לאַנגן, מיט ווייסע בעלמען אויף ביידע אויגן און צוויי לעדערנע ברילן, צו פאַרשטעלן שאָטנס פון ביימער און מענטשן, אַז זי זאָל זיך נישט דערשרעקן. „פּאַניטשעק" האָט פולשטענדיק געירשנט די אייגנשאַפטן פון דער מוטער, די שטילקייט, רויקייט און שקאַפּישע גלייכגילטיקייט, מיט איין אונטערשיד, וואָס „פּאַניטשיק" איז געווען זייער שיין געבויט, לויט דער פאַרב פון דער מוטער רויט, צוויי ווייסע פלעקן אומגעלומפּערט פאַרוואַרפן איבערן שטערן, ווי עמיץ וואָלט אים אויף שטענדיק באַשפּריצט מיט קאַלך, אַ פּאָר קליינע אויערלעך, וואָס האָבן זיך ביים מינדסטן גערויש, ביי דער מינדס- טער בעוועגונג אויסגעשפּיצט זיך הערן, און קלוגע, אבסערווירנדע אייגעלעך.

וואָרום פּאַניטשיק איז אין זיין כאַראַקטער געווען אַ שטילער, זיך איינהערנדיק פערדל. אָט שטייט ער פרייטיק - צו - נאַכט און קוקט אַרויס צום בעל - הביתס פענסטער, וואו עס ברענט זיך ליכט, דאָרט שטייט דער גוטער אפרים - הערץ מיט אַ בעכער אין האַנט און מורמלט עפּעס און זינגט עפּעס. וואָס ער מורמלט און וואָס ער זינגט — פאַרשטייט נישט פּאַניטשיק, נאָר ער קוקט זיך איין און הערט זיך איין, ווערט אים זיס און פריילעך אויף דער נשמה. ער

גים אַ פערדיש שמייכעלע, פונקט ווי אין יענער נאַכט, ווען ער דערזעט, אַז דער הימל איבער דער שטאָל איז אָן אויסגעשטערנטער.

נאָכן בעכער קומען אָן ימ׳רות. מענטשן שאָקלען זיך אַהין און צוריק און שיקן זייערע לויב - לידער צום הימל. פאַרוואָס און צוליב וואָס די מענטשן טוען עס, פאַרשטייט נישט פאַניטשעק, נאָר ווען ער הערט זיך איין דערינען, גיסן זיך אים אַריין מאָדנע קלאַנגען. עס דאַכט זיך אים אויס, ווי עמיץ קיצלט אים ביים שטערן און רופט אים: טייערער, ליבער פאַניטשעק, אויך דו ביסט דאָך אַן אומזעריקער, און יאָ, שפּעטער גייען מענטשן שלאָפן, פאַרמאַכן די לאָדנס, שנאָרכן און כראָפּען מיט אַ זיסן שלאָף. נאָכן שלאָפן, הערט זיך פון הינטער די לאָדנס עפּעס אַ מורמלען, דאָס זאָגט מען דאָך פּרק. פאַניטשעק ווייסט נישט, וואָס פּרק איז, נאָר ווען ער הערט דאָס מורמלען פון הינטער די לאָדנס אין שטילן שבת באַטאָג אַריין גיט ער אויך אַ פּאָר קינדישע געגעצן, לייקט אַוועק דאָס מאָרדקעלע אויפן היי און הייבט אָן זיס חלומען פון ווייכע, מיט היי אויסגעבעטע געלעגערס, זיסע קאָבילנע מילך און גאָלדענע גלעקלעך.

נאָכן שלאָף קומען שטענדיק אַרויס די בעלי-הבתים, אפרים-הערץ, אַ הויכער ריזיקער ייד, מיטן ברייטן גאַרטל נאָך פון דאַוונען אָן, אַן אויסגעשלאָפענער, פּרק אָפּגעזאָגטער, אָפּגעוואַשענער און אויבס - אָפּגעגעסענער ייד. ריין און מחיהדיק איז אים איצט די נשמה, פון קיין וואָכעדיקע געשעפטן ווייס ער נישט, גייט ער גלאַט אַזוי אַ קוק טון, ווי לעבן חיות אויף דער וועלט. האָט די בהמה נאָך בענוג ליפּענעס אין שאַף? זענען די שעפּסן שוין אין פעלד? און צי זענען די פערד גוט באַזאָרגט ביי די קאָרעטעס? גיים צו באַגלייטן גייען מיט די טייערע איידעמס, בלאָנדע יינגעלייט מיט קליינע באָמבע - ווערצעלעך און מיט גאָלדענע קייטן אויף די זייבערס. אַ גאַנצע וואָך זענען זיי צעזיים און צעשפּרייט אַרום דער

הוטע, ווער עס איז פאַרנומען מיט איינקויפן האָלץ, מערגל (לײם), ווער מיט אויסקויפן איבער די דערפער בראָכוואַרק, בוטליעס, פלע־ שער, גאָנשערס, שמעלץ — נאָר צום שבתדיקן טיש קומען זיי צום שווער, לעבן אָפּ אַ פריילעכן שבת און פאָרן אוועק.

אַצינד, נאָך האַלבן טאָג, גייען זיי מיטן שווער אַרויס איבער גאַס וועלט, באַקוקן דאָס אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן, דאָס אַלץ, וואָס עס האָט זיי געבראַנגט די גוטע וואָך.

נעבן זיי גייט הערש - דודל, אפרים - הערצס יינגל, אַ בחורל וואָס גייט מיט סאַמעטענע הייזלעך ביז איבער די קניען, האָט אַ בייטשל אין האַנט און הייסט אויך צוליב זיין שיינקייט „פּאַניטשעק".

„פּאַניטשעק" דער מענטש האָט זייער ליב פּאַניטשעקן דאָס פערדל.

דען ער ווייסט, אַז נאָך אַ חודש אָדער צוויי און ער וועט אַריינפאַלן אין אַ בריטשקעלע און ער, דאָס יינגסטע זונדל אפרים־ הערצס, וועט האַלטן אַ בייטשל און טרייבן און יאָגן דאָס פערדל.

דערום קומט ער אַלע מאָל צו צו אים גיט מיטן בייטשל א קנאַק אין דער לופט — אַ סימן, אַז ער וועט אַמאָל זיין שמייסער יין.

פּאַניטשעק דערשרעקט זיך נישט, פאַרקערט, עפּעס אַ זיסער פאַרחלומטער ציטער לויפט דורך די אָדערן זיינע און ער פאַרטראַכט זיך מיט אַ היימישן בליק איבער די וועגן, וואו ער וועט אַמאָל, ווי אַנדערע יינגע פערדלעך, לויפן און הירזשען און שפּרינגען. שבת קומט פּאַניטשעק דאָס שיינע בחורל צו אָן בייטש. ער גיט אַ נעם אַ גאָרשטש טרוקן היי, פּאַניטשעק הייבט אָן אַרויסציען פון זיינע הענט לאַנגע פאַסיקלעך, הייבט אָן מאָלן מיט די קליינע ציינדלעך און איז גליקלעך מיטן גאַסט.

ערשט פאַרנאַכט. ווען יידן דאַוונען מעריב און זענען מחדש די לבנה, דערקענט פּאַניטשעק נאָכן זוכן פון מענטשן די שטערן

אין הימל, אַז עס קומט אָן וואָך. דער הוטע - אויזון ווערט אָנהויב ברענען, די פערדלעך לויפן, נאָר אים ארט עס נישט, דען ביי אים איז שבת רויק ווי וואָך, און וואָך, ווי שבת.

אַזוי איז געגאַנגען זיין לעבן, פאַנישטעקס שטיל, זיידענע לעבן. איז ער אַמאָל קראַנק געוואָרן? האָט מען גערופן אַמאָל אַ וועטערינאַר? ניין! אַ פריילעכער, גליקלעכער איז ער געווען אין דער הערשאַפט פון אפרים הערצס הוטע.

נאָך אַכט חדשים איז ביי פאַניטשעקן געשטאָרבן די מוטער. בעגאַנגען איינמאָל אויף אַ זומפיקן וועג, איז די שקאַפּע איינגעזונקען מיט די פאָדערשטע פיס, דער וואָגן אַרויף אויף איר און זי דערדריקט.

פאַניטשעק איז געקומען צו לויפן מיט די בעלי - הבתים. געבליבן שטיין, נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז די פיס זענען אויסגעצויגן ווי שטעקנס און אַז מענטשן שינדן די הויט פון איר, האָט ער אָנגעהויבן שפּרינגען, הירזשען, לויפן שיער נישט משוגע צו ווערן. פון דעמאָלט אָן איז פאַניטשעקן אַריין אַ „סמוטעק" אין קאָפּ אַריין, מען האָט געמוזט אַרויסנעמען די מאַמעס „כאָמוט" פון שטאַל, איר בייטש, איר קאַרעטע, אירע לייטשעס, די ציימלעך, אַפילו דאָס שאַף, פון וועלכן זי האָט געגעסן.

---

# ריצערזש.

נישט צו דערלאָזן קיין שום טרויער, קיין שום שלעכטע געדאַנקען, האָט מען אים שפּעטער אַריינגעשטעלט נאָך אַזאַ זשרעביקל, אַ ווייס ווי מילך, דאָס איז געווען אַ פערדל פון אַן אַנדער מין כאַראַקטער. אַ פריילעכס, שפּרינגעדיקס און נאַרישס, ווי אַ קינד. דאָס פערדל איז געוועזן פון אַ גרויסן כראַביע, פאַררייסן דעם קאָפּ אין דער הייך, געשטאַמט פון פּריצישע פערד, לעבעדיקע, שטאָלצע און שטאַרקע. קיינער איז אין דער פאַמיליע נישט געשטאָרבן, קיין טויטע פעל, קיין אָפּגעריסענע שקאַפּע, פאַרקערט, איז עס שטענדיק מיטגעלאָפן מיט די עלטערע ביי אַ חופּה - קאָטש, באַהאָנגען מיט בלומען, מיט בענדער געלעבט שטענדיק צווישן חתונות, אימעניבעס און אילומינאַציעס, היינט פאַרוואָס האָט ער באַדאַרפט טרויעריק זיין?

דאָס פערדל האָט געהייסן „ריצערזש”, אַ ער איז דאָס געוועזן. פון ריצערזשן האָט מען דערוואַרט גאָר עפּעס אַנדערש. נישט בלויז איינצושפּאַנען אין אַ בריטשקעלע, צו מאַכן אים פאַר אַ אידיליש שפּאַציר - פערדל, דען פון אים האָט מען דערוואַרט גרויסע זאַכן; נעמען פריזן, גיין מיט אַ פרינץ אין מלחמה, דערפאַר האָט מען אים דערצויגן „ווישטשיגאָווע”, עס הייסט, מען האָט אים

געהייסן שפּרינגען, טאַנצן, פליען איבער פּאַרקאַנעס און באַריערן, אין דערפאַר טאַקע איז ער געוואָרן געשיקטער און פלינקער ווי פּאַניטשעק. איר, פּאַניטשעקן, די ווייך - צאַרטע פרוי, איז געפעלן אָם די לעבעדיקייט אין ריצערזשן.

פּאַניטשעק האָט געקוקט אויף אים ווי עפּעס אויף אַ גרויסן גבור, נאָך וועלכן אַזאַ שוואַך קליין נפשל ווי פּאַניטשעק דאַרף נאָכגיין בלינדערהייט.

געפעלן איז פּאַניטשעקן די לייכטזיניקייט און פריילעכקייט, וואָס ער, דאָס יינגע פאַרזאָרגטע פערדל האָט עס אין זיך נישט געהאַט, איז „ריצערזש" געשטאַנען אַ פריילעכער, שטאָלצער אין שטאַל, אַרומגעלאָפן, געהירזשעט מיט אַ זשרעבישן הירזשען. גע-טאָן זיך טיילמאָל אַ ריר אָן מיטן קאָפּ אין פּאַניטשעקן און איז עכט צופרידן געווען.

פּאַניטשעק האָט עס מיט גרויס פרייד אָנגענומען, געענטפערט אים מיט אַ פרומען באַלעקן און באַשמעקן פון אַלע זייטן, ווי אַ שוועסטער, און איז אויך צופרידן געווען, נאָר נישט מער, וואָס אין האַלטן די ימים - טובים האָבן זיי זיך נישט אויסגעגלייכט.

פּאַניטשעק פילנדיק ווי די בעלי - בתים שפּאַנען היינט אין שבת נישט איין קיין פערד, קלינגען נישט, קלאַפּן נישט, איז גע-וואָרן אַזוי שלעפערדיק און מיד אַז ער האָט זיך אויך אַוועקגעלייגט אויפן בויך, אויף פרישן היי אויסגעבעט, ווי אַ שבתדיקער חתן. דער צווייטער ווידער איז אין דעם טאָג, וואָס האָט געהייסן זונטיק, געשטאַנען און געזען, ווי זיינע בעלי - הבתים גייען אַריין אין קלויסטער און ווי דער אַלטער אויסגעדינטער זעלנער „טשאַפּ" מיט דער קוליע אונטערן אָרעם מאָנדרעוועט ביי די גלעקער און שיט אַראָפּ פון קלויסטער - שפּיץ אַזעלכע משוגענע בימבלען, צימבלען אין קלאַנגען.

„ריצערזש" האָט ליב געהאַט צו זען ווי די קאַראַזעלע „פּיאַקס" דאָס שטייט אַ גאַנצע וואָך איבערגעדעקט מיט גרויע לייוונט, דרייט זיך, און אויף איר די שקצים, די שיקסעס, און די הילצערנע פערד. ער האָט געהירזשעט און מיטגעטאַנצט נאָך דעם צימבלען פון די טעך, וואָס זענען באַהאַלטן געווען אין דער קאַטאַרינקע. ער האָט געקוואָלן פון די דראָטן - קריכער און קונצנמאַכער, דען די אַלע זונטיק-שמחות האָבן לאַבוסעוואַטע שטאָלץ געמאַכט „ריצע־זשן" און אים פאַרשייט גליקלעך געמאַכט.

כאָטש פאַניטשעק און „ריצערזש" האָבן אַנדערש געפילט די וואָך און יום - טוב פון זייערע בעלי - בתים, דאָך ווי גוטע שכנים האָבן זיי געלעבט און אַ סך מאָל האָבן זיי זיך פאַרטרויט די הער־צער, דערפון איז אויך אַרויסגעקומען אַ ליבע. אָט איז איינמאָל פאַניטשעק געשטאַנען קעגנאיבער „ריצערזשן". די גאָלדענע זון האָט דורך די ברייטע שפּאַרעס פון שטאַל באַגאָלדיקט די גרזשיבע און דעם שטאָלצן האַלז ריצערזשס, „פאַניטשעק" האָט איינגעזשמורעט די אייגעלעך און געשעפּט נחת דערפון.

זי איז צוגעגאַנגען און אים דערלאַנגט אַ מאָדנעם לעק ביי דער מאָרדע. „ריצערזש" האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט, האָט ער איר געענטפערט מיט אַ לעק... אין פאַניטשעקס האַרץ האָט זיך עפּעס אָנגעצונדן אַ פלעמען־לע, עס איז איר געוואָרן וואַרעם אויף דער נשמה, פונקט ווי די מוטער, די שקאַפּע, וואָלט איר דאָ אויפגעטיין. פון דעמאָלט אָן האָט פאַניטשעק געפילט אַז ווען „ריצערזש" גייט אַרויס פון שטאַל, ווערט איר זייער באַנגלעך. ער פלעגט שטיין ביים פענסטער פון שטאַל אַריבערקוקן איבער די פאַרקאַנעס דורך די שפּאַרעס פון די ווענט... ליבט שוין ריצערזש? קלינגט שוין זיין זילבערן גלעקל? און ווען ער האָט אים דערזען ביי דער טיר, האָט ער אים אָנגעהויבן באַלעקן און באַשמעקן ווי אַ ברודער.

אין געחיסע צייטן האָט פאַניטשעק איבערגעלעבט פאַרצווייפלטע־
מינוטן, אָט שטייט ער פון ווייטנס און זעט, אַז אַרום ריצערזש־
דרייען זיך אַ פּאָר פרעמדע „קאַבילקעס", שכנות פון אַ צווייטן הויף;
פאַניטשעק האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, ווי ער וואָלט גראָז זוכן,
אָבער גראָד אין די מינוטן האָט ער געפילט אַ מין שטעכן אין די
ביינער. פאַר די אויגן איז אים פונקען געפלויגן, מאָדנע הייסע
פונקען, ער האָט געוואָלט אי וויינען, אי הירזשען, אי אַתּעקלויפן
ערגעץ פון בושה, נאָר דאָס אַלץ האָט ער נישט געקאָנט טון. ביז
„ריצערזש" איז צוגעקומען אים איבערבעטן, האָט ער אויפגעהויבן
דעם קאָפּ און געטון אַ זיפץ.

## זיין ערשטע] בייטש.

אַז אַ בייטש איז אַ שלעכטע זאַך, דערפון האָט פאַניטשעק קיינמאָל נישט געוואוסט, דען ער האָט געהאַלטן, אַז אַ שמיץ פון אַ בייטש איז אַ סיגנאַל: גיי פערדל אַהין אָדער אַהער.

אַ קנאַק פון אַ בייטש אין דער לופט, דאָס גיט דעם פערד קוראַזש און מוט, דערום האָט ער געהאַלטן, אַז די אַלע בייטש, וואָס די מוטער, די שקאַפּע, האָט געקריגן, זענען נאָר געווען צייכנען אַז זי די שקאַפּע, זאָל לעבעדיקער גיין. טוט אָבער ווי אַ שמיץ פון אַ בייטש? דערפון האָט פאַניטשעק נישט געוואוסט, פאַרקערט, דער קנאַק מיטן בייטשל, דאָס איז געווען ביי אים דאָס זעלבע, וואָס ביי אַ ייִנגל, ווען ער דערהערט דאָס שפּילן פון אַ זילבערן טרומייטל ערגעץ ווייט אויף אַ באַרג. ער פלעגט אויפשטעלן די אויערן, זיך פאַרטראַכטן און טיילמאָל זיך צעהירזשען און צעבריקעווען ווי אַ ווילדער, דאָס וואָס עס איז אין זיין כאַראַקטער קיינמאָל נישט געווען.

פאַניטשעק האָט געבענקט נאָך אַזאַ בייטש און געהאָפט, אַז ווען ער וועט אַמאָל אַריין אין אַזאַ אַזאַ קאָטש, וועט ער האָבן די זכיה צו הערן אַזאַ מין קנאַקן. אַזוי איז נאָך צען חדשים אַבסאָלוטע פרייהייט פאַניטשעק פאַרבעטן געוואָרן אין אַזאַ קאָטש.

אָט איז אײנמאָל אין אַ פרימאָרגן אפרים - הערצס סטאַנגרעט אַרײַנגעקומען אײדל אין שטאַל און אַ װײַז געטון פּאַניטשעקן אַ כאָמוטל, אַ נײַ שײַן צײמל, װי מען װײַזט אַ קינד אַ קיכעלע, דערבאָך האָט ער איר אַ פּאַטש געטון אין שטערן און אָנגעהױבן אַרױספירן אין דרױסן.

פּאַניטשעק האָט דערזעענדיק דעם בלישטש פון דער בײַער קאָטש אַ זיסן ציטער געטון. ער האָט זיך עפּעס מאָדנע פאַרשעמט װײַל ער האָט זיך נישט געװאוסט װי אַזױ צו האַלטן. אָט איז ער אױסגעקומען מיטן פּנים צו די אונטערשטע רעדער, אָט האָט ער אַרײַנגעשטעלט בײדע פיס צװישן די האָלאָביעס און גאָר איז ער אַרײַנגעגאַנגען מיטן קאָפּ צו די פאָדערשטע רעדער און געמײנט, אַז אַזױ װעט ער אײנגעשפּאַנט װערן. ענדלעך האָט מען געמוזט מאַכן עטלעכע אױסבעסערונגען און מען האָט אים אַרײַנגעפירט צװישן די האָלאָביעס, צוגעבונדן, אַרױפגעלײגט דעם כאָמוט, דער סטאַנגרעט האָט זיך געזעצט פאָרױס, פון הינטן אפרים - הערצס זונדל מיט דער בײַטש אין האַנט.

— חיאָ, װיאָ — האָט זיך געהערט אַ פרײלעכער באַפעל צו פּאַניטשעקן, ער האָט אַ שפרונג געטון װי אַ ײנגל, געלאָפן פרײלעך און לוסטיק. עס האָט אין אים אַלץ זיך געפרײט.

די מענטשן אױפן ברישקעלע האָבן פּאַניטשעקן נישט פאַרבעסערט דאָס לױפן, ער איז געלאָפן װי אַ זיגזאַג אַהין און צוריק אין דער און יענער זײט.

אַ דינער פײַנער קורזש, װי אַ ראָזער נעפּל, האָט זיך אױפגעהױבן פון אונטער זײַנע קאָפּעטעס און גרינג געמאַכט דאָס לױפן פון זײַנע פיסלעך.

ער איז געלאָפן? נײן, עס איז זיך געלאָפן, עס זענען געלאָפן די פעלדער, װעלדער און װאַסערלעך, געדרײט זיך, װי זײ װאָלטן אים מאַכן אַ װאָרע: קום, שײערער, לעבעדיקער פּאַניטשעק.

אַמלויפנדיק אָבער אין שמחה אַזוי צוויי שעה נאָכאַנאַנד אין דער הויטע - געגנט, האָט אָבער עטוואָס פּאַסירט. ביים זיבעטן וויאָרסט איז געווען אַ קליין ראָוועלע, וואו פאַניטשעק האָט געמוזט אַריבערשפּרינגען. ער איז דאָ שטיין געבליבן און געוואָרט די קאָמאַנדע.

— שפּרינג — האָט ער געהעט אַ באַפעל. ער האָט זיך געקווענקלט.

— שפּרינג! נו, שפּרינג!

ער האָט זיך געדרייט אַהין און צוריק.

— פאַרוואָס שפּרינגסטו נישט?

— אַנו, דערלאַנג איר מיט דער בייטש!

פאַניטשעק, דאָס רויטע קיילעכדיקע בחורל, האָט מיט דער בייטש צוערשט אָנגעהויבן פייפן איבער זיינע אויערן, געפייטשט איינמאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, — דאַן האָט ער אים דערלאַנגט אַזאַ שמיץ, אַז ער איז שטיין געבליבן ווי אַ גולם. אין עטלעכע מינוטן אַרום האָט זיך אויף פאַניטשעקס גוף געזען אַ בלאָע קישקע ווי אַ שלאַנג. דאָס פערדל האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען — ער איז שטיין געבליבן און פאַרוואונדערט געדרייט מיטן קאָפּ, ווי די מויערן מיט די שטעלער וואָלטן איינגעפאַלן.

## די ערשטע ליידן.

אַ בייטש איז אַ ביטערע זאַך, האָט געטראַכט פּאַניטשעק אויף צוטאָרגנס, שטייענדיק אין שטאַל און זיך מישב געווען, אַז דאָס שיינע בייטשעלע, וועמעס קנאַקן ער האָט אַזוי ליב געהאַט, איז זיין שונא גאָר. ער האָט נישט געוואוסט, װאָס אויף זיין פּלייצע איז פאָרגעקומען, ווי טויזנטער פּודן וואָלטן דאָרט ליגן. אויף דעם אָרט פון שמיץ האָט אים עפּעס געקיצלט, אַ געביסן, אַ גוויי גייטון. אינסטינקטיוו האָט זיין פעל אָנגעהויבן ציטערן, פּונקט ווי טויזנטער פליגן וואָלטן אים באַפאַלן. פון די דאָזיקע געהיימע פליגן האָט ער געוואָלט זיך באַשיצן, האָט ער געקאָפּעט מיט די פיס, געשמיסן מיטן ווידל אויף רעכטס און לינקס, נאָר ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּטרייבן פון די שלעכטע געדאַנקען און געוויסנסביסן · געפילן און שוידערן, וואָס זענען אומגעלאָפן אין זיין קערפּער דאָ און דאָרט.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען שוין פּאַניטשעקן נישט געצערטלט דאָס מאָרדקעלע, ווי ביים ערשטן מאָל, נאָר מען האָט אים גלייך צוגעפירט צו דער פור. ער איז באַלד אַליין אַריבערגעשפּרינגען די האָלאָביעס מיט די צוויי הינטערשטע פיס, איין פוס האָט זיך אַ רייב אָן געטון אין אַן אייזן. פּאַניטשעק האָט געכאַפּט אַ ווייטיק

נאָר ער האָט זיך געשעמט אויסצוזאָגן. אין שפּאַן איז ער דאָס מאָל געגאַנגען שנעלער ווייל ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט זיך שפּילן און לויפן אַזוי נאַריש ווי נעכטן, וועט ער באַקומען דעם אייגענעם חלק וואָס נעכטן.

ער איז געגאַנגען מיט אימפּעט, אויסמיידנדיק די ערטער, וואו עס איז שווער אַריבערצוקומען, און דאָ וואו ער האָט נישט געקאָנט אַריבערקומען, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט נידריק צו דער ערד, געקראָכן אויפן בויך, געקרעכצט, זיך אומגעקוקט פון אַלע זייטן. טאָמער וועט אים ווער אַרויסהעלפן.

ווען מען האָט אים אויסגעשפּאַנט און ער האָט דערפילט די פיין, וואָס די אייגענע שטוב־מענטשן האָבן אים אָנגעטון, האָט ער נישט געוואָלט פאַרזוכן פון קיין עסן און טרינקען, אָט איז ער צוגעגאַנגען צום שאַף, צום ריינעם עמער וואַסער ביי דעם ברונעם געטון אַ שמעק און נישט פאַרזוכט, ברוגז איז ער געוואָרן מיט דעם ברונעם, מיט די היי־בינטלעך, אַפילו מיט די פענסטער פון בעל־הבית איז ער ברוגז געווען און נישט געוואָלט זען קיינעם פון די בעלי־הבתים.

אַרומשלעפנדיק זיך אַזוי איבערן הויף, פון ברונעם צום היי און פון היי צו די שטאַכעטן פון פאַרקן, איבער וועלכע ער האָט אַריבערגעריסן דעם קאָפּ און געקוקט אין דער ווייטקייט אַריין; טאָמער איז דאָרט בעסער — איז ער אַריין אין שטאַל, דאָרט אין ווינקל איז געשטאַנען אַ טונקעלע לאַמטערנע, וואָס האָט מיט אַ געלער שיין באַלויכטן די שיינע גזשיבע ריצערזשס. פאַניטשעק האָט צו אים דערלאַנגט אַ שמייכעלע און געטראַכט זיך אויף פערדיש לשון: אַבי איך האָב כאָטש אייך אויף דער וועלט. דערנאָך איז ער אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד, נאָר שלאָפן האָט ער נישט געקאָנט.

אַ ווינטל האָט דורכגעשוועבט און אַ וויג געטון דאָס געלע פייער פון דער לאַמטערנע און אָנגעוואָרפן שאָטנס און שרעק אויף

פּאַניטשעקן. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז מ׳ייז קריכן אַרום אונטער זיין בויך און לאַשעטשקעס ווילן אים בייסן.

איינמאָל האָט ער זיך פאַרקוקט דאָרט אין ווינקל און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ערגעץ ווייט אויף אַ קלאָץ הענגט אַן אָפּגעריסענע שקאַפּע מיטן קאָפּ אַראָפּ. פּאַניטשעק האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שפּרינגען און דריקן זיך צו דער וואַנט.

---

## אויס חתן־כלה.

אזעלכע נעכט זענען געגאנגען איינע נאך די אנדערע, גאנץ פרי איז פאניטשעק אוועק פון דער שטאָט, אבער אין איין שפאנ־ טער אין אַ קאָטש, טיילמאָל האָט אויסגעפעלט אַ פערד אין אַ װאָגן צו משא צו און מען האָט אים צוגעשפאַנט צו אַ װאָגן אויך. בּאַנאַכט איז ער געקומען מיד און צעבראָכן און ברוגז, עס איז אים נישט איינגעגאַנגען קיין עסן, נישט קיין טרינקען און נישט די גוטס־ קייט פון בעלי־בתים, וואָס האָבן אים אונטערגעבעט מיט היי אַלע נאכט, דען ער האָט געפילט, אַז דאָס איז נאָר הניפה, אים מאָרגן ווידער אין אַ שווערן װאָגן איינצושפאַנען. נאָר נישט מער, וואָס די אַלע יאָגערייען און פלאָגערייען זענען אָפּגעווישט געוואָרן מיט ריצערזשס צונג, מיט זיין לעקן און שמעקן. ער האָט דאַן פאַרגעסן, אַז אין דרויסן שטייט אַ װאָגן, אַז אויפן װאָגן ליגט אַ משא, אַז מיט דער משא מוז ער לויפן גאַנצע פינף מייל, און אַז אין מיטן וועג באַפאַלט אים אַ רעגן אָדער אַ האָגל, אָדער דונערן און בליצן. גוט איז פאַניטשעקן געוועזן אין אַזעלע מינוטן, ער האָט פאַרגעסן אין דער גאַנצער וועלט, וואָס ליגט אונטערן שטאָל. פאַרהאַנען אָבער אַנטוישונגען אויף דער וועלט, וואָס פאַרווייטיקן דאָס האַרץ פון פערד, ווי פון מענטשן.

און אָט זענען אויפֿן ווישטשיגע - פּלאַץ פֿון פערד געשטאַנען צוויי שקצים, אייגנטימער פֿון צווייערליי פערד, געשטאַנען און דורכגעשמועסט זיך וועגן דער נאָנטער ווישטשיגע.

— אַנטעק, זאָגט איינער, ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן, אַז ביי די היינטיקע „ווישטשיגעס" וועט „ריצערזש", דאָס העלדישע פערדל, האָבן די מפּלה, ווייל „זשעליאַזנאַ" איז פיל שטאַרקער פֿון אים.

— „זשעליאַזנאַ", אָט דאָס נאַרישע גאַפּעוואַטע פערד?

— ער!

— אַז לעבן זאָלן אַזוי די שונאים!

— די שונאים זאָלן טאַקע אַזוי לעבן.

ביידע שקצים האָבן אויפגעהויבן די הענט און שטאַרק איינגעפּאַטשט אַ געוועט, דערנאָך זענען ביידע אַוועק אין פאַרשידענע ריכטונגען.

דער וואָס איז געגאַנגען צו צו „ריצערזשס" שטאַל, איז צוגעגאַנגען האַסטיק, מיט גבורה. „ריצערזש" איז אַליין צוגעקומען צו אים און איבערגעגעבן זיך צו אים אין האַנט אַריין. ער איז געגאַנגען מיט כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יונג ווישטשיגאָווע פערד, וואָס געווינט פּריזן. זיינע קליינע גאָלדענע גלעקלעך האָבן געקלונגען, די פיינע געשניצטע שיכלעך פֿון זיינע קאָפּיטקעס האָבן זיך געהויבן אין דער לופט, זיין הירזשען און פרייען זיך האָט איבערראַשט אים אַליין. ער האָט מיט שטאָלץ געקוקט צו די פערד און געטראַכט זיך, אַז דעם בעסטן פּריז וועט ער נעמען פאַר זיך אַליין.

„פּאַניטשעק" איז אויף קיין „ווישטשיגעס" נישט געגאַנגען. דען ער האָט באַלאַנגט צו יענע פערד, וואָס האָבן נישט ליב קיין גרויסע נצחונות, קיין „ווישטשיגעס", קיין פּריזן, קיין שפּרינגען איבער באַריערן, ער איז נאָר געגאַנגען זען דעם נצחון פֿון זיין געליבטן ריצערזשן.

ער איז דערנאָך געשטאַנען ווייט פון דעם זאַמל-פונקט און זיך אַליין געשמיסן מיטן קליינעם ווידעלע, ווי אויף אַ שמחה.

מיט אַ שעה שפּעטער האָט זיך געהערט אַ קלונג אויפן זאַמל-פּונקט פון די „ווישטשיגאָווצעס". עס איז געוואָרן אַ באַוועגונג, קיין פערד האָט מען נישט געזען לויפן, נאָר אַ שרעקלעכן קורזש און אַ שיטן פון אונטער די קאָפּעטעס מיט זאַמד. די פאַרשפּילטע רייטער האָבן זיך נישט געאײַלט, די קעפּ ביי זיי זענען געווען אַראָפּגעבויגן, דערשלאָגן. די געווינער האָבן זיך געהאַלטן מוטיק, און זייערע פערד זענען צוגעגאַנגען צום זאַמל-פונקט פון די „ווישטשיגאָווצעס" מיט אַ פאַרדינטער גרויסקייט.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך געהערט רעדן וועגן „ריצערזשן" און באַלד האָט מען געזען דאָס ווייסע פערדל אַ פּריילעכס און גליקלעכס.

אַרום אים זענען געשטאַנען פאַרשידענע כראַביעשע פערד, וואָס האָבן אים געחנפנט, אויף זייער שפּראַך האָט עס געהייסן, אַז זיי גיבן אים אָפּ מזל-טוב, אָדער גאָר זיי זענען פאַרליבט אין אים. מענטשן זענען צוגעקומען און אים געגלעט און געחנפעט. ריצערזש איז געווען שטאָלץ און גליקלעך מיט זיך.

פּאַניטשעק איז אויך צוגעקומען, געוואָלט באַווייזן אַלעמען, אַז ער האָט מער רעכט אויפן העלד פון די ווישטשיגעס, ווען ער איז אָבער צוגעקומען נענטער, האָבן אים די פערדלעך אויסגעמיטן, אוועקגעדרייט זיך פון אים און נישט צוגעלאָזט צוגיין צום יונגן העלד. „ריצערזש" אַליין, וואָס איז דאָס מאָל געווען פאַרשיכורט פון נצחון, האָט אירן איצט גרינגגעשעצט, פּאַניטשעקס קינדישע שמחה, האָט אויף אים קיין איינדרוק נישט געמאַכט און ווען יענער האָט זיך געטובלט און געבאָדן אין פרייד, האָט דער צווייטער וואוילעריש אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויסגעדרייט זיך צו אים מיטן הינטן.

אין דער אייגענער נאַכט האָט מען „ריצערזשן" אוועקגעפּידט-
אין אַ שטאַל, ווי אַ סאָלאָן. פאַניטשעק האָט זיך פון גרויס עגמת-
נפש אַוועקגעלייגט ווי אַ נבלה, שלאָפן האָט ער נישט געקאָנט, און
עפּעס איז אים געשטאַנען אין די אויגן, אין דער נאָז, ער האָט
כסדר געהאַלטן אין איין געניצן, פאָרסקען מיט די נאָז - לעכער
און מאָלן מיט די קליינע ציינדלעך, פונקט ווי ער וואָלט זיך פאַר-
קילן און נישט חיסן, וואו איז די פאַרקילונג, און ווי - אַרום מען
ווערט זי פּטור.

---

## פּאַניטשעקס אַנטוישונג און די ציגײַנערישע גנבה.

אַ שוואַרצער חלום אויף זײַן קאָפּ, האָט געטראַכט פּאַניטשעק, דער יעניקער, וואָס איז נישט געוואוינט צו קײן עולות, געהערט אַ ביסל? געקומען אים אַנטקעגן מיט שמחה, האָט ער זיך גאָר אויסגעדרייט מיטן הינטן, נו גוט, ווען ער וועט אַרײַנקומען אין שטאַל, וועל איך מיך אַוועקשטעלן אין אַ ווינקל, און אויך אויסקומען מיטן הינטן

און דאָס באַליידיקטע פערדל האָט זיך געמאַכט אַ פּלאַן, אַז ווען „ריצערזש" וועט אַרײַנקומען, וועט ער נישט אַנדערש זיך אַוועקשטעלן אין אַ ווינקל און נישט אומקוקן זיך אויף אים. ער וועט מעגן צו אים קומען מיט חניפות, מיט פערדלשע לאַסקעס.

ביז שפּעט צַבער באַנאַכט איז „ריצערזש" נישט געקומען, און פּאַניטשעקס צאָרן איז געוואָרן שוואַכער. אַז האָט ער שוין אָנגעהויבן אײַנדרימלען און פאַרגעסן אין „ריצעזשן". אין די בײַטשן און אין דעם גאַנצן דורכפּאַל זײַנעם.

דער דרויסן איז געשטאַנען אַ שטילער, אומעטיקער, אַ העלע לבנה, געשטאַרט, האָט מיט אַ פאַרזאָרגטן בליק אַרײַנגעקוקט דורכן שמאָלן פענסטערל פון שטאַל צו פּאַניטשעקן צו, פּונקט ווי זי וואָלט זיך אָנגענומען זײַן קושיוודע.

זין פילנדיק עפּעס אַ מין צערטלעכע האַנט, האָט פּאַניטשעק פון שלאָף געמאַכט צו איר חנדלעך און שמייכלעך. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער זייגט פון אַ גוטער ברוסט און אַז אַ מוטער באַלעקט אים דעם שטערן. נאָר פּלוצלינג איז אים באַפאַלן אַ טונקעלער קאָשמאַר, עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ווי פערד צעלאָזן זיך, הירזשען און שפּרינגען פון שרעק, האָט ער אליין אויך געוואָלט נעמען לויפן, נאָר סיי דער שלאָף, סיי די לבנה האָבן פּאַניטשעקן זיך נישט געלאָזט רירן פון אָרט, אַזוי אַז ער האָט פאַרקרומט די מאָרדע און אין שלאָף אויפגעהויבן אַ פוס און געמאַכט עטלעכע רונדן צו דער לבנה, דערנאָך צוריק אַוועקגעלייגט דעם פוס.

אין דער צייט אָבער, וואָס די לבנה-נאַכט האָט זיך צעשפּילט מיט אירע אמתע און נישט אמתע חלומות, איז אָבער ערגעץ וואו עפּעס פאָרגעקומען: דער ציגייגער-טאַבון, וואָס איז הייגט געווען אויף די ווישטשיגעס, איז אייגנטלעך נישט געקומען זען דעם רעזולטאַט, נאָר מען איז געקומען אויסקוקן, ווער וועט זיך עס בעסער איינגעבן צו דער נאַכט-גנבה.

דער טאַבון איז זיך געזעסן שטיל אונטער דער לבנה-נאַכט און האָט געמאַכט אַ חשבון: „פיגאָן", דאָס הויכע רויטע פערד, איזן אַ חילדער און אויב מען וועט אים פאַרוואַרפן אַ שטריק אויפ׳ן האַלז, וועט ער אַרויס פון געדולד און וועט זאַטראַטעווען אַלעמען, אַז „ושעלאַזני" בייסט אומגעהייער, אַז „גוויאַזדאַ" קאָפּעט, ער האָט שוין נישט איינעם פאַרפאָרן אין שטערן, אַז „קאָגוט" שפּרינגט, אַז „ליעוו" הירזשעט, אַז „טיגריס" רייסט זיך אויס און אַנטלויפט, אַז „ריצעזש" ווערט שטאַרק געהיט.

פון די אַלע איז געשטאַנען אויף דער וואַקאַנדע „פּאַניטשעק ער, „פּאַניטשעק", דעם הוטניקס פערדל, וואָס איז נישט איבעריק שטאַרק, איבעריק קלוג און איבעריק אָפּגעהיט.

צו דער נאַכט - גנבה האָבן זיך געמאָלדן דריי פאַרשוין, "ראָלאַ", אַ הויכער שטייפער ציגיינער, וואָס קאָן אויפרייסן דעם פּיסק פון שטאַרקסטן פערד, ער האָט גענומען אַ זאַק און צוגעזאָגט פּאַניטשעקס קאָפּ דעם זאַק אָנצוטון, "באָנק", אַ קליינער ברודיקער ציגיינער, וואָס לאַכט מיטן ברייטן מויל ווי אַ נעגער, ער האָט זיך געריטמט מיט זיין קאָנען פייפן און פאַרנאַרן פערד, און "טשיזיק פּיק", אַ דאַרער קליינער יינג, מיט אַ צייכן פון אַ פערדישער קאָפּיטע אויפן שטערן ווי אַ האַלבע לבנה — אַ פּרעכטיקער אַנטלויפער, ווען מען האָט אים געיאָגט.

די אַלע דריי האָבן זיך תוך-כדי-דיבור געגעבן אַ לאָז אריין אין קאָרן, צעשאָטן זיך, קיין מענטשן האָט מען שוין נישט געזען, נאָר ברייטע קאַפּעלושן שווימען דאָ און דאָרט, ווי איין שאָס זענען זיי אויסגעקומען ביי דער שטאַל, מיט אַ בליק צו דער לבנה און אַ ציגיינערישן שפּרונג אַנשטאָט אַ צלם אויף דער ברוסט זענען זיי אריין אין שטאַל און אויפגעשטעלט פּאַניטשעקן ווי אַ גולם, אויפגעשטעלט אים, אָנגעטון אים דעם זאַק, פאַרוואָרפן שטריק. פּאַניטשעק האָט זיך נישט געגנגעשטעלט, דען ער האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט אים טוט זיך. אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער שוין געגאַנגען ווי אַ שטיל שעפּסעלע ווייט, ווייט אין וועג, די שטילע לבנה, וואָס פאַרשטייט כישוף, האָט אים נאָכגעקוקט, נאָכגעוואונקען מיט די לבערנע פינגער: גיי, טייערער פּאַניטשעק, דו ביסט אַ יידיש בכבודיק פערדל און דערום וועסטו אַ ביסל גלות אויך אָפּקומען.

פּאַניטשעק איז נישט געגאַנגען, נאָר עפּעס האָבן אים די פעלדער און וועלדער געשטויסן פון זיך, ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט אַזעלכע ערטער, וואו ער איז קיינמאָל נישט געוועזן, זאַמדן, גריבער, בערגער, אַלע מאָל שיער נישט געפאַלן און דאָך שטיין געבליבן און ער האָט גאָרנישט געוואוסט נאָך וואָס גייט ער, נאָך וואָס שטעלט ער זיך אָפּ, און צו פירט מען אים הענגען, שיסן, אָדער

טהם שינדן די הויט. ווי אַ דערשראָקענע שאָף, וואָס זעט שוין דעם גלאַנץ פון מעסער, האָט ער זיך טיילמאָל פאַרטראַכט, מיט הכנעה אויסדרייענדיק דעם קאָפּ מיטן זאַק צו די מענטשלעכע אויגן אין דער נאַכט. אפשר וועלן זיי אים פאָרט אָפּלאָזן. ער איז שטיין געבליבן, ווי אַ פאַרקלערטע קו, מיטן קאָפּ אויסגעדרייט צו די הייזלעך, שטעלער אין שאָפּע פון דער הוטע, וואָס איז שוין געלעגן פאַרשלאָסן פון דער ווייטקייט און עפּעס אַ טיפע מרה שחורה האָט געפּייניקט זיין געמיט: וואו איז דער סקושיפּ פון דעם ראָד - ברונעם אין די יעשען - טעג? וואו איז די לאַמטערנע פון סטאַנגרעט „באַרטש”? און וואו זענען די פעטע רויקע בהמות, וואָס זענען געשטאַנען אין שכנות מיט אים?

פּאָניטשעק איז שטיין געבליבן, זיך פאַרקלערט און פאַרטראַכט, ווי אַלעמאָל האָט ער פון אַן אַנדער זייט באַקומען אַ שטויס און אַ ריס ביים ווידל׳ אָדער אַ צי ביי דער גושיבע.

---

# אין טאבון.

שפעט ביינאַכט איז פאַניטשעק אַריינגעפאַלן צווישן קליינע הייזלעך, שמוציקע, פאַרלאָזטע, אָנגעוואָרפן מיט האָלץ, וואַלד־באָדלען מיט שמאַטעס, מיט צעריסענע קאַלאָשן, מיט פעדערן, מיט קאַלינעס מיט רויטע הויט פון פערדישן קאָלבאס, מיט ליידיק טעפּ פון געגנבעטן שמאַלץ, עס האָט געשמעקט מיט געבראָטענע קאַרטאָפלעס און הערינג און סטאַלענעס. דערזען דאָס פערד, זענען אַלע ציגיינער און ציגיינערלעך אַרויסגעפאַלן אויף דעם פערדל מיט אַ ציגיינערשער שמחה און באַלבלעריי. זיי האָבן פאַניטשעקן מכבד געווען מיט אַ פאַרשטינקענעם שאַף ליפּענעס, פון וועלכן ער האָט באַלד אַוועקגעכאַפּט דעם פּיסק און אויסגעשטשירעט די ציין פון עקל, אויסצומיידן דעם ריח צופילו.

אַ ברודיקער קובעל וואַסער איז פאַר אים געשטאַנען. ער איז שרעקלעך דורשטיק געווען, האָט ער געגעבן דעם ערשטן צו דורך די ציין און באַלד אַוועקגעכאַפּט דאָס מויל, ווי פון פייער.

אַ באַליע גרעט איז געשטאַנען איינגעווייקט מיט מידלינעס, דאָס האָבן די ציגיינער אויף גיך געוואָלט אויסוואַשן זייערע העמדער, כדי אויף גיך מאָרגן צו אַנטלויפן.

דערויף האָט זיך געטראָגן אַ שרעקלעכער עיפּש פון דער באַליע און פאַניטשעק האָט זיך באַלד אָפּגערוקט דערפון.

ער איז אַרומגעקראָכן אַ פּאָר מינוט אויף דער פריי, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער, געטראָפן מיט עטלעכע דאַרע שקאַפּעס פון סאַבון, נאָר זיי האָבן אים נישט אינטערעסירט, ווי די ציגיינער. ער האָט געשמעקט דאָ און און דאָרט, באַטראַכט דאָס און יענץ ווינקל

נאָר דערפון איז אים מער ביטער געוואָרן אויף דער נשמה.

צומאָרגנס גאַנץ באַגינען איז „רולאַ" געלעגן אויף דער ערד פוס אויף פוס פאַרלייגט, געריוכערט אַ ליולקע און געפּיפּעט דעם רויך גאַנץ רויק, ווי איינער, וואָס האָט אָפּגעטון אַ זיכער שטיקל אַרבעט.

„באַנק" האָט געשפּילט אויף אַ פידעלע, געמאַכט פון פער־דישע סטרונעס.

טשיזיק פיק האָט זיך געוואַשן אַ פּאָר רויטע הויזן אויף גיך.

— גייט דאָס פערדל אויפן יריד, — האָט באַנק געפרעגט.

— אָדער אין טאַבון?

— אין טאַבון? — האָט אַרויסגעכאַפּט די ליולקע פון מויל „רולאַ". בייזערנדיק זיך מיט ציגיינערישע קללות,—אפשר ווילסטו, אַז מיר זאָלן נאָך זיצן הינטער די קראַטן?

— געוויס מוזן מיר דאָס פערד פאַרקויפן! — האָט אַ קלאַפּ געטון מיטן שטעקן באַשטימט טשיזיק פיק, — וואָרום דאָס איז אַ זגאַטשנע פערד, האָט פלעקן אויפן שטערן.

— געוויס, אָבער איידער מיר פירן אים אוועק, זאָל ער אונדז אויסמלישען אַביסל תבואה, אויף דעם פריצס דרעש־מאַשין — אַגב, „באַנק", שפּאַן אים איין אין דער האָלאָביע. אין צוויי שעה־צייט איז דאָס פאַרטיק און וועט קאָנען גיין.

— גוט!

באָנק האָט שנעל אַ נעם געטון דאָס פּערד און מיט עטלעכע מינוט שפּעטער האָט ער זיך כסדר געדרייט אין ראָד פון דער דרעש - מאַשין.

---

# אויפן יריד.

צוויי שעה האָט זיך כסדר פאַניטשעק געדרייט. צוערשט האָט ער זיך נישט געקאָנט האַלטן אין צירקל, געריסן זיך אַהין און צוריק פון דער און יענער זייט, באַלד אָבער האָט ער אַליין אָנגעהויבן גיין אויפן ריכטיקן וועג, געגאַנגען, ווי עס גייט אַ צוגעווייגט פערד. „באָנק” איז געזעסן אויף דער קלאָציקער שטאַרקער האָלאָביע און האָט פאַניטשעקן אונטערגעשמיסן פון צוויי זייטן, וואָס מער אָבער ער האָט אים געשמיסן, אַלץ מער האָט פאַניטשעק געפילט, אַז ער איז מיד, נישט אויסגעשלאָפן, ווי פון טויזנטער וואכע נעכט, שלאָפן האָט זיך אים געוואָלט, אָן אַ שיעור שלאָפן.

עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. די ראָסע האָט אָנגעהויבן פאַלן, פייכט און פעט מאַכן די לופט און גראָד דעמאָלט ווען די ציגייבער האָבן זיך אָנגעהויבן יאָגן אָפצוציען, גראָד דעמאָלט איז דער חשק פון שלאָפן ביי אים געוואָרן שטאַרקער.

פאַניטשעק האָט שוין פון גאָר נישט געהערט, נאָר דאָס אייגענע טאָפּטשען פון די פיס אין זאַמד, און עפּעס מאָדנע בילדער זענען אים געשפרונגען פאַר די אויגן.

אָט איז אפרים - הערצס יינגל מיט אַ גאָרשטש הוי אין האַנט, אָט איז אפרים - הערצס געלע באָרד, אָט איז דער סכאַנגרעס

מיטן קליינעם בייטשעלע און „ריצערוש“, דער וואָס האָט זיך פון אים אָוועקגעדרייט.

פּאַניטשעק האָט זיך אַ מינוט אָפּגעשטעלט, געכאַפּט אַ שמייכל און אַ דרימל, ווי אַ קינד. „באַנק“ האָט אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגן וויאָ און אַ שמיר געטון איבער זיין פּלייצע מיט דער ציגיינערישער בייטש. פּאַניטשעק האָט זיך אַזוי אַרומגעדרייט אָן אַ שיער און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער דאַרף זיך שוין אַזוי אָן אַ שיעור מאָל דרייען און דרייען, ווי באַנק האָט אים פּלוצלינג אָפּגעשטעלט מיט אַ טפּ־פּ־פּ־ר־ר. ער האָט עס נישט דערהערט, ביז „באַנק“ האָט אים אָפּגעהאַלטן און דערלאַנגט פּאַניטשעקן אַזאַ פּאַטש אין דער מאָרדע, אַז פּאַניטשעק איז געוואָרן צעמישט, באַליידיקט און געוואָלט באַנקן אַ ביס טון.

באַנק האָט אים מיטן בייטש־שטעקל דערלאַנגט אַזאַ קנאַק אַז ער האָט אַזש אַ שפּרונג געטון.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער שוין געווען אויסגעשפּאַנט.

די ציגיינערלעך האָבן אויף לעצט־געלט אויסגעריסן פון זיין ווידל אַ פּאָר סטרונעס און געשיקט אים אין וועג אַריין מיט טשיזיק־פּיק.

קומענדיק אויפן יריד, האָט טשיזיק פּיק פּאַניטשעקן באַהאָנגען מיט אַ טאָרבע און זיך מיט אים אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל.

דער פּלאַץ איז געווען באַגאָסן מיט הייסע רויטע ליכט פון דער פרימאָרגן־זון. טונקעלע שאָטנס פון די פורן און פערד זעגען געלעגן אויפן פּלאַץ דאָ און דאָרט און אויסגעמישט זיך מיטן רויטן פערדישן מיסט און קופּקעלעך האָבער אָדער היי, עס האָט אויסגעזען, ווי אַ מאָזאַיק, עס איז געוואָרן ווייס און דושנע, עס האָט אָנגעהויבן זיך פילן ריחות פון פערדישע פעל, האָבער און מיסט.

די פערד האָבן פון היץ געקאָפּעט מיט די הינטערשטע פיס, פאַרגראָבן זיך מיט די קאָפּיטעס טיף אין דער ערד, אויסגעריסן

שטיקער און געשליידערט עס אין דער הויך. אַ טייל האָבן זיך
צעהירושעט, געווּפן איינס דאָס אַנדערע, אָדער געשמיסן זיך מיט
די ווײַדלען, צי עס האָבן זיי יאָ געביסן פליגן אָדער נישט.

אַ טייל זענען אַליין אַוועק צום פלומפּ טרינקען און
צופרידן געווען, ווען עמיץ האָט זיי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער־
אָט איז פון ערגעץ - וואו אָנגעקומען אַ שאַף וואַסער. דורשטיקע
מיילער פון מענטשן האָבן זיך אָנגעטרונקען און מיט דער רעשט
אָפּגעגאָסן די פערד.

פאַניטשעק האָט אין דער גאַנצער שמחה קיין אָנטייל נישט
גענומען. ער איז געשטאַנען האַרט נעבן טשיזיק פיק מיט דע־
טאָרבע אויפן האַלז, מיד, ברוגז און דערשלאָגן.

טשיזיק פיק האָט זעענדיק אים פאַרצווייפלט אַ צי געטון
ביים ציימל, אָדער אַ פאַטש געטון אים מונטערער צו מאַכן, צו־
געבן אים קוראַזש. פאַניטשעק האָט זיך אָבער ווי אויף צו להכעיס
איינגעשפּאַרט און געשטאַנען ווי אַ גולם. אַ טייל מאָל האָט ער
זיך גענומען דרייען, ווי ער וואָלט גיין אין דער ווידעש - מאַשין.

---

## יח׳ קאַל-ברושאָזא דער דאָזאָר, פאַניטשעקס בעל-הבית.

— ציגיינער, העי ציגיינער, וויפל איז אַלט דיין פערד?

— ציגיינער, איז דיין פערד נישט קיין חולה, וואָס דאַרף אַרגן פגרן און דו ווילסט אים אויסברענגען אויפן מאַרק?

— העי ציגיינער, וויפל מינוט טויט - שרעק קאָסט ער דיך? א שאָד באָר וואָס ער איז שטום, אַזיסטן וואָלט ער אונז דערציילט, וואו ער איז געלקחנט געוואָרן.

— שוויאַדעסטווא האָסטו?

— כי, כי, ער האָט קיין פאַפירל נישט.

— טשיזיק!

אזוי זענען געשטאַנען עטלעכע פויערים און האָבן טשיזיקן צוגענומען די גאַל.

טשיזיק איז אָבער אָן אויסגעהאַלטענער מענטש און דאָ וואו מען דאַרף נישט רעדן, רעדט ער נישט, איז ער געשטאַנען ציטערדיק: טאָטער טאַקע קומט צו דער סטאַרשע - סטראַזשניק און פרעגט אים אויף אַ שוויאַדעסטווא, האָט ער זיך איבערגעפעקלט פון אָרט צו אָרט און אָפגערוקט פון געטומל.

אין דער זעלבער צייט וואָס טשיזיק איז אַזוי געשטאַנען אין אַ ווינקל, אָפגערוקט פון די אַלע חוזק - מאַכער און גאַל-צונעמער,

זענען צו אים צוגעקומען צוויי פּאַרשוין, קונים, שטילע מענטשן, וואָס האָבן שוין געהאַט דורכגעטאַפּט אַלע פערד און קיין איינס איז זיי נישט געפעלן. איינער פון זיי איז געווען אַ ייד, אַ גראָער, מיט אַ קיילעכדיק געשווירענע באָרד, אַריינגעוואַקסן ביז אין די בלאָע אויגן אַריין; די דאָזיקע אויגן האָבן זיך אַטיילמאָל אָנגעשטעלט אויף עמיצן און גענומען בליצן און פינקלען, ווי קעצישע. דערפאַר טאַקע האָט מען אים גערופן משה קאַץ. און נאָך איינער, אַ בחור מיט אַ גלאַנצאָוויטן דאַשעק און אַ בייטש אין האַנט, יעטקע האָט ער געהייסן. די דאָזיקע צוויי מענטשן זענען געשיקט געוואָרן פון דער שטאָטישער גמינע קויפן אַ פערד, דען נעכטן איז ביים דאָזאָר פון שטאָט, ר' יחזקאל ברזשאָזאַ געפגרט אַ פערד, אַ פערד, וואָס איז איינגעשפּאַנט געוואָרן אין זיין וועגעלע צו פירן אים אויפן שפּאַציר, צו געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אַמאָל איז עס איינגעשפּאַנט געוואָרן אין משא-וואָגן אויך. פּאַניטשעק האָט איצט באַדאַרפט פאַרנעמען זיין אָרט.

משה קאַץ האָט אַרויסגעלייגט זיינע קעצענע אויגן אויף פּאַניטשעקן. וואָרום וואָס נישט וואָס, אויף פערד איז ער אַ מבין געווען און אויף פערד, וואָס זענען אונטערטעניק און געהאָרכזאַם אוודאי. פון וואַנען האָט געשטאַמט זיין מבינות? מיט יאָרן צוריק איז ער, משה קאַץ, געווען אַ יינג אין אַ זיאַזד פון פערד, ער האָט באַדינט די קאַרעטעס, שעז, שטעלער, שפּעטער האָט ער געדינט ביי אַ דראָזשקאַרזש, דעם „געלן חנאן" און זיין פערד האָט משה קאַץ געהאַלטן אונטער זיין בייטש זעקס יאָר צייט. ווען ער האָט זיך אַ ביסל דערכאַפּט, האָט ער זיך צוגעקריגן צו אַן אייגענער בויד, וואו ער איז געפאָרן מיט דער פּאָטשט פון שטאָט צום דערפל ב. צוויי מאָל אין טאָג. אַזוי אַרום האָט ער זיך צוגעקריגן צו הערן דער אויפזעער איבער דער שטאַל פון פערד ביי דער שטאָטישער גמינע. עס איז דערום קיין וואונדער נישט, פּאַרוואָס

פּאַניטשעק איז משה קאַצן געפעלן געוואָרן, ער איז אים געפעלן אינגאַנצן. זיין שטילקייט, זיין אונטערטעניקייט און טרויערקייט.

אַזוי האָט נאָך זיין מיין געדאַרפט אויסזען אַ פערד פאַר דער שטאָטישער גמינע.

געזונט, שטיל, געהאָרכזאַם, נישט צופיל קלוג, נישט קיין פּאָבוס. דאָס, וואָס פּאַניטשעק איז פולשטענדיק געווען. און משה האָט צו פּאַניטשעקן אָנגעהויבן פייפן, רופן, גלעטן, דערלאַנגט אים אַ ביסל היי, דערוויל אַ בליק געטון אין די ציינער אריין און געזאָגט צום יינג, אַז דער ציגיינער זאָל נישט הערן:

— אַ פעטטער בחור!

— מה טוב ומה נעים, ציגיינער? — האָט ער געפרעגט דעם ציגיינער דעם פּרייז.

טשיזיק־פּיק האָט זיך אָנגעבלאָזן מעשה אָרגטלעכער מענטש און געזאָגט אַ פּרייז.

— איז דאָס פערד אַ געזונטס? — האָט געפרעגט משה קאַץ מיט אַ ווייך שמייכעלע.

טשיזיק האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— אַ גבור.

— האָט ער אַלע ציין?

— גיי אוועק, ייד אייבער! לייבישע באַק־ציין. אַנו פּרואוו די ציילן, דו וועסט זיי גאָר נישט איבערציילן.

— האָסטו אַ שוויאַדעסטווא, פריץ?

— וואָס הייסט?

און טשיזיק־פּיק האָט אַרויסגענומען פון כאָלעיעו אַ גרין פּאַפּירל מיטן סטעמפּל פון בורמיסטרזש, ער האָט עס געשטויסן אין די אויגן אַריין משהן מיט שטאָלץ און גרויסקייט פון אַ בכבודיקן סוחר. דאָס פּאַפּירל און דעם שטאָלץ האָט ער געהאַלטן אין כאָלעווע ביי אַלע טריפהנע פערדלעך.

משהן האָט דאָס צופרידנגעשטעלט און ער האָט אָנגעהויבן אויסציילן די גרויסע זילבערנע רובלעס, דערנאָך האָט ער פאַניס־שעקן אַ נעם געטון ביים לייטשקעלע און אַ פייף געטון.

טשידיק · פיק האָט זיך גיך אָפגעטראָגן און דורך צוויי פינגער, אויך אַ פייף געטון. אויף ציגיינעריש לשון האָט עס בעהייסן:

— איך האָב דיר אָנגעפייפט!

---

# אין יחזקאל ברזשאָזאס שפּאַן.

מיטן ציגאַר אין מויל און מיטן זייגער אין האַנט איז געשטאַנען דער עלטסטער און אָנגעזעעגסטער צווישן די פּאַרזאָרגער פון דער שטאָטישער וואוילטעטיקייט, דער דאָזאָר המפורסם ר׳ יחזקאל בן דוד ברזשאָזא. ער איז געשטאַנען אויף די ברייטע שטיגן פון דער שטאָטישער גמינע און האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויפן פערד, וואָס דאַרף אָנקומען. געזען, אַז עס דויערט צו לאַנג, האָט ער אַ וויש געטון די צוויי ברייטע העלפטן פון דער ווייסער באָרד, אריינגעלייגט פּריציש דעם זייגער אין דער ווייסער וועסט און נישט פאַרשטענדלעך אַ דריי געטון מיטן קאָפּ. עס האָט אים געאַרט, דען איר דאַרפט וויסן זיין, אַז יחזקאל ברזשאָזא איז אַזוי אַ פאַרנומענער מענטש, האָט טויזנטער אייגענע געשעפטן, גאָר נישט מער — אַ צוויי שעה אין טאָג האָט ער צייט צו שענקען פאַר דער וועלט.

אין פאַרלויף פון די צוויי שעה שרייבט ר׳ יחזקאל אונטער דעם בודזשעט פון טאָג - אויסגאַבן, האַלט אָפּ אַ פּאָר זיצונגען אין דער גמינע, פאָרט צו צו דער חברה תומכי-עניים, גיט אַ שמעק צו דער געזעלשאַפט פון אָרעמע כלות, פאָרט צו צו די קינדער פון תלמוד - תורה, שענקט אַ וויזיט דעם יידישן שפּיטאָל, גיט אַ

בליק צו די אויפּזעער פון אָרעמע קימפּעטאָרנס און גיט אַ שמעק צו די מתים־אָנגעלעגנהייטן פון חסד־של־אמת.

דאָס אַלץ מוז אויסגעפירט ווערן אין פאַרלויף פון די עטלעכע שעה און אום כדי דאָס אויסצופירן פּינקטלעך, מוז מען האָבן אַן אייגן פערד.

און עס איז נישט קיין נפקא־מינה, צי דאָס פערד איז אַ הויכס, אָדער אַ נידעריקס, אַ רויטס אָדער אַ ווייס, אַ געזונטס, אָדער אַ בעל־מום, דען דער עיקר איז, אַז אין פאַרלויף פון די עטלעכע שעה זאָל דאָס פערד אַלע מיסיעס אויספירן און הויפּטזאַכלעך דריי אַזייגער זאָל עס דעם דאָזאָר האָבן געברענגט צו מיטאָג, צום אייגענעם טיש אין דער ריכט־קער צייט. אָט אַזאַ פערד האָט דער דאָזאָר המפורסם אָפּגעוואַרט, געקוקט אויפן זייגער, און געווישט דעם שווייס פון זיין ברייטן שטערן.

פאַניטשעק איז אָנגעקומען פאַמעלעך, קלאַפּנדיק מיט די קאָפּיטעס איבער די שטיינער, פויל, מיד און נישט אויסגעשלאָפן. כאָטש ער האָט געזען, אַז די גאַס איז בלויז שטיינער, האָט ער פונדעסטוועגן געגעבן אַ זוך גראָז, געשמעקט, געזוכט, ביז ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען די הויכע דיקע פיגור פון גייעם בעל־הבית. פאַניטשעק האָט אויפגעשטעלט די אויערן און אים נישט פאַרשטענדלעך אָנגעקוקט.

„וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ מענטש״? האָט ער זיך געטראַכט קוקנדיק אויפן הויכן צילינדער ברזשאָזאס און דערשראָקן געוואָרן.

משה קאַץ האָט אים געגעבן אַ צי פאַר דער מאָרדע און מיט עפּעס אַ רחבותדיקן טפּ־ר־ר אָפּגעשטעלט, געהייסן אים שטיין פאַר ברזשאָזאן מיט כבוד און הכנעה.

ר׳ יחזקאל איז נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען אַ ברוגזער און באַליידיקטער, נאָר ווען ער האָט דערהערט דעם ט־פּ־ר־ר. וואָס איז

געווען ספּעציעל פֿאַר זיינעטוועגן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און א מורמל געטון:

— דאָס איז געווען אַ זוימען זיך.

— אוי, ר׳ יחזקאל, איך קאָן אייך גאָרנישט זאָגן, כאַ־אַ שלימזלדיקער יריד היינט איז געווען, שקאַפּעס און קאַליקעס בלויז — האָט משה געזאָגט מיט אַ ווייכן אונטערטעניקן טאָן און זיינע פֿייערלעך פֿון די בלאָ־גראָע אויגן האָבן קעציש פֿאַלש געבלי־שטשעט מיט אַנטשולדיקונג.

— אַיאָ, איז דאָס פֿערד כאָטש אַ געזונטס?—האָט געפֿרעגט יחזקאל.

— געזונט, ר׳ יחזקאל, האָט פּע:ט : באַקעס.

— און ציין?

— אַלע!

— און די אויגן?

— קרי זטאַל. זעט פֿאַר צוויי וויאָרסט.

— טאָ :יי שפּאַן אים איין, — האָט נאָך אַלץ פֿאַרזיערט געריעדט יחזקאל.

משה האָט דעם ייגג באַלד איבערגעגעבן די לייטסעס.

---

## אונטער „יעטקעס" בייטש.

מיט דער בייטש פייפנדיק און פאָרנדיק איז געזעסן „יעטקע" דער שמייסער פון די פערד, וואָס געהערן דער גמינע און איין געדאַנק האָט אים באַהערשט: טרייבן דאָס פערדל וואָס גיכער. יעטקע אַליין איז אַמאָל געווען אַ דראַגונער - זעלנער. ווען מען האָט אים צוגענומען צום מיליטער, האָבן די דאָקטוירים פעסטגע-שטעלט, אַז ער האָט אַ געזונט האַרץ און קאָן אריין אין „מוזי-קאַנטסקע קאָמאַנדע", נאָר ווייל ער האָט זיך שפעטער אַרויסגעוויזן נישט פעיק צום „טרומפייט", האָט מען אים אַריינגעוואָרפן צו די רייטער.

הויך - ברוסטיק און בלוטיק, האָט יעטקע געקאָנט באַזיגן דאָס שטאַרקסטע פערד. אַ סך פערד זענען אונטער אים געבראָכן געוואָרן, און ווער שמועסט נאָך פוילע פערד, אָדער פערד, וואָס האָבן זיך צעלאָזט — געהרגעט זענען זיי געוואָרן אונטער אים.

דאָס מאָל איז אויך יעטקע געזעסן אַ בייזער, פאַרעקשנטער און געקוקט אויפן משוגענעם זיגזאַג, אין וועלכן דאָס קעטשל איז בעגאַנגען.

ער האָט בעהאַלטן די לייטשעס, אָדער געצויגן, אָדער געפייפט און בשעת מעשה געטראַכט וואָס טוט מען דאָ עפעס, דעם פערדל

צו געבן אַזאַ טויט־קלאַפּ, אַז עס זאָל דערפילן, דען ביז איצט האָט שוין יעטקע געטון אַלץ, מיט וואָס מען קאָן אַ פערד איינגע־מען. געפייפט, געגלעט, געצויגן איידל די לייטשעס, נאָר דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. ערשט איצט האָט ער זיך פאַרמאָסטן מיט דעם בייטש־שטעקל און געגעבן פאַניטשעקן אַזאַ קנאַק אין מי־טלסטן ביין, אַז דאָס פערד האָט אינגאַנצן אַ שפרונג געטון און שטיין געבליבן אַ מינוט צעמישט. באַלד אָבער האָט ער צאַריק אויסגעדרייט דעם קאָפּ און גענומען אין האַרצן שעלטן אי דעם בעל־הבית, אי דעם יינג. די קללות האָבן געדויערט איין אויגנ־בליק, ווי פאַניטשעק האָט זיך איבערגעבעטן און גענומען גיין. ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם און די אַלע הויכע מויערן מיט די שויבן פון די פענסטער, מיט די באַלקאָנען זענען אים, ווי נאָכגעגאַנגען. אַטיילמאָל האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס אַלץ פאַרשטעלט אים דעם וועג, ווי אַ וואַסער, און ער איז שטיין־געבליבן, כאָטש שלאָג אים צום טויט.

אַ האָגל פון בייטשן איז נאָכגעקומען. פאַניטשעק האָט ווידער אויסגעדרייט דעם קאָפּ. עפּעס אַ ווייסע שוים איז געפלאָסן פון זיין אויסגעקרומטע מאָרדע און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער גייט פגרן, נאָר ער האָט ווידער אָנגעהויבן גיין.

אָבער מחמת אים האָט געדרישט אין קאָפּ, איז ער געגאַנגען אָן חשבון, נישט ווייסנדיק וואוהין און צו חאָס. און נאָך מער: ער האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען די פּראָסטע פערדישע שפּראַך פון טפּ־ר־ר און היאָ. ציי־יי שעה איז ער אזוי געגאַנגען קרום און גלייך, פאַמעלעך אוי[illegible] שנעל, ווי פלוצלינג האָט זיך דער דאָזאָר אויפגעשטעלט, אָוועקגעלייגט די האַנט אויף דער פלייצע פון יינג און געזאָגט:

— זאָל ער שטיין.

יעטקע האָט מיטן גאַנצן כוח אַ צי געטון די לייטשעס מיט

אַ לאַנגגן טפּ־ר־ר. פּאַניטשעק האָט זיך נישט געשטעלט. פּאַרקערט, ער האָט זיך עפּעס מאָדנע דערשראָקן און גענומען לויפן.

יחזקאל האָט אויסגעשטרעקט צוויי פויסטן צום פערד, אָנגעבלאָזן זיך און אויסגעשאָסן מיט אַ צעפּלאַמטן טפּ־ר־ר. ער האָט גאָר נישט פאַרשטאַנען די חוצפּה פון פערד, וואָס וויל אים, ר' יחזקאל ברזשאָזאן, נישט הערן. האָט ער זיך געבלאָזן. געפּלאַמט, געהיצט, פּאַניטשעק האָט זיינס געטון.

מענטשן פון גאַס האָבן דעם טפּ־ר־ר אונטערגעהאַלטן, ווייטע, נאָענטע, הינט זענען אים בעפאַלן, שטעקנס פון מענטשן. פּאַניטשעק איז געלאָפן ווי משוגע, ער איז געלאָפן כאָטש געהרגט צו ווערן. ער איז געפלויגן. דאָס וועגעלע איז געפלויגן און דער הימל און די ערד און די הייזער און די שטאָל און די קינדהייט און די זיסע יאָרן פּאַניטשעקס.

---

# דאָס משוגעת אין קהלשן ראָד.

— ר׳ יחזקאל וואו איז?

— פאַרוואָס איז ער נישט געקומען?

— ברזשאָזאַ איז אַפילו אַ פּינקטלעכער מענטש.

— עס איז נישטאָ ווער עס זאָל אונטערשרייבן דעם בודזשעט.

— צו, ער איז נישט געקומען, איז נישט. איך וועל נישט אָפּשיטן דעם טראַנספּאָרט מעל אין בעטלער - הויז.

— כאַפּט אים דער רוח.

— צו אויסוואורף איז אָט דער ברזשאָזאַ, די יתומים האָבן קיין קליידונג נישט.

— מילא, מילא!

אַזאַ שמועס האָט מען געקאָנט הערן אין אַ גרויסן סאַלאָן פון אַ געוויסער פאַמיליע, וואָס האָט זיך אויך געמישט אין קהלשע ענינים, און האָט אַלע נמ׳נע - זיצונגען אָראַנזשירט ביי זיך אין הויז. דאָ אַהער האָט ר׳ יחזקאל געדאַרפט קומען פונקט איינס אַ זייגער בייטאָג ערלעדיקן אַלע קהלישע ענינים, און דאָס האָט אָבער עשטערט פאַניטשעק.

די פאַרזאַמלטע, וואָס זענען באַשטאַנען פון סעקרעטאַרן, בוכהאַלטער, דאָזאָר - לייט און סתם קאָך - לעפל פון קהלשן טיש,

זענען אַרומגעגאַנגען צעדרייטע און האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טון.

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז געוואָרן אַ צעמישונג אין קהלשן פּינקטלעכן לעבן. קיינער האָט נישט אויסגעפּירט זיין אַרבעט. דער האָט נישט אָפּגעשיקט דעם טראַנספּאָרט מעל, דער האָט נישט אַרויסגעגעבן די קליידער, אַנדערע האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין שפּיטאָל, אויפן בית־עלמן, אין תלמוד־תורה — עס איז געוואָרן אַ צעמישונג און קיינער האָט נישט געוואוסט, אַז שולדיק דערין איז עפּעס אַ פּערדל, וואָס האָט קאַליע געמאַכט דאָס גאַנצע לעבן אַרום.

זין דער אייגענער צייט, אָבער, וואָס דאָ זענען אַלע אַרומגעגאַנגען צעמישטע, האָט מען ערגעץ וואו פּאַניטשעקן געכאַפּט אין מיטן לויפן, געכאַפּט אים, אָפּגעשטעלט, אַרומגערינגלט מיט בייטשלעך, שטעקעלעך און שטיינער ווי אַ גנב.

אויף דער קאָטש איז שוין קיינער נישט געווען, ווייל ברזשאָזאַ איז געלעגן אַ טריט צען פון פּאַניטשעקן אַ צעהרגעטער, דער הויכער צילינדער האָט זיך געוואַלגערט ביי פּאַניטשעקס פיס, דער שטעקן ברזשאָזאַס איז געלעגן אונטער די רעדער, דאָס טיכל, מיט וועלכן ער האָט אָפּגעווישט זיין שווייס, איז געפלויגן אין דער לופט.

יעטקע איז אַרומגעגאַנגען, נאָר אַ באַק האָט ער געהאַט אַ צעבלוטיקטע. אָט איז ער געשטאַנען ביים פלומפּ און זיך אָפּגעשווענקט דאָס בלוט, און אָט איז ער אַריין צו אַ פעלדשער, און אויף פּאַניטשעקן האָט ער אַלע מאָל געגעבן עפּעס אַ שרעקלעכן בליק, אַ צייכן, אַז ער וועט רייסן די הויט פון אים.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז אָנגעקומען אַ האַלבע שטאָט מענטשן, מיט אַ פּאָר פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן פאַרשריבן, ווער עס

איז פּאַניטשעק, פון וואַגען געקריפּט, פון וואָס פאַר אַ ראַסע ער איז און ווען געבוירן.

די פאַרזאַמלטע האָבן געקריצט מיט די ציין און אָנגעשטעלט פויסטן אויף אים. פּאַניטשעק האָט זיך געפילט שולדיק, איז ער געשטאַנען אַ ווייבער, געקוקט אַלעמען אין די אויגן, ווי זיך אײַבערגעגעבן צו אַלעמען אין די הענט.

---

## פּאַניטשעק אין שווערן קהלשן וואָגן.

אַ גרויסע רויטע פּאַטשיילע מיט אַ שטיק וואַטע האָט „יעטקע" דער שמייסער איינגעלייגט און אַרומגעבונדן די געשוואָלענע באַק, דערנאָך אַריין אין שטאַל און ברוגז אַ געם געטאָן פּאַניטשעקן ביים ציימל.

פּאַניטשעק איז נעבעך געשטאַנען אַ סמוטנער, ער האָט געדענקט, וואָס ער האָט נעכטן געטון, צוערשט האָט ער אַפילו דעם טאַט באַרעכטיקט, האָט מען אים נישט געקערט אוועקגעגעבן, האַלטן אין אַ ציגיינעריש׳ן טאַבון, פירן אים אין אַ ראָד און שליסלעך אַריינפירן אין אַזאַ מקום, וואו אַלץ איז פרעמד און וואו מען שלאָגט און מען הרגעט. שפּעטער אָבער האָט ער אָנגעהויבן באַדויערן אויף זיך פילן שולדיק.

און האָט אים „יעטקע" גענומען ביים ציימל, האָט ער געפאָלגט און געגאַנגען; האָט ער אים אַ פיר אַרויס געטון אין דרויסן, איז ער געגאַנגען; אַ פיר צו גע׳טאָ׳ן צו אַ וואָגן, האָט זיך פּאַניטשעק דערשראָקן, דען דאָס איז געווען אַ גרויסער משא - וואָגן, באַשאָטן מיט מעל, — אַ סימן, אַז דאָ לאַדעוועט מען מעל, און וואָס עס איז אַ מעל - וואָגן, דערפון האָט פּאַניטשעק געוואוסט, פונ

דעסטוועגן האָט ער זיך גיך אַריינגעכאַפּט אין וואָגן און איז געבליבן שטיין אַ שטילער, געהאָרכזאַמער און מילדער.

די דאָזיקע פור האָט באַדאַרפט פאָרן אין אַ מיל אַריין, וואָס איז געלעגן אַ מייל זעקס פון שטאָט, ברענגען אַ טראַנספּאָרט מעל פאַר די אָרעמע שטאָטישע קיכן.

מיט עטלעכע מינוט שפּעטער איז אויפן זייַד אַרויסגעקומען משה קאַץ, צוגעקומען צו דער פור, געמאַכט אַ געזעס, אַוועקגעלייגט אַ קישעלע, באַטראַכט דעם שפּאַן און דערווייל אַ איראָניש פּעטש געטון פאַניטשעקן אין שטערן: דו ביסט אַ גוטער קונדאַס! באַלד האָבן זיך עפּעס יעטקע און משה געטון אַ שעפּטש אויפן אויער און יעטקע איז אַרויף אויף דער פור.

כאָטש פאַניטשעקן האָט זיך אויסגעדאַכט פריער, אַז עס וועט זיין אַ גרויסע משא, דאָך האָט ער דעם גאַנצן וועג אַהין זיך געפילט, ווי אין אַ פרישער הויט. ער איז געלאָפן פלינק און גיך אונטערגעשפּרונגען, אונטערגעהאָצקעט, עס האָט אים אויסגעזען אַלץ יינג און גרינג און ליכטיק.

אַ פרישער ווינט האָט געפאַלדעוועט די גראָזן און תבואות פון ביידע זייטן שאָסיי, ווינט־מילן האָבן זייערע פליגלען באַוואויגן, וויאָרסטן געפאַרבטע זענען געפלויגן, קרעטשמעס, פלומפּן זענען אַנטקעגן געקומען. די אַלטע באַקאַנטע קרעטשמעס און וויאָרסטן, וועלכע ער האָט אַזוי געקענט און אַזוי ליב געהאַט.

ער איז געווען צופרידן און ווי צו וועלן פאַרגיטיקן די נעכטיקע טאַט, האָט ער אַלעמאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו יעטקען און אַ שפּרונג געטון — אַ פערדיש חניפהלע געמאַכט. דאָס האָט געדויערט אַזוי צוויי שעה, ביז ער איז געקומען צו דער מיל, וואו דער מילנער און די שקצים האָבן אים געמאַכט אַ קבלת פּנים מיט אַ גלעטן אים ביי דער גושיבע. פאַניטשעק איז עכט צופרידן גע-

חעזן, אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען שענקט אים אַלץ, מען איז אים מוחל.

שפּעט פאַרנאַכט איז שוין פּאַניטשעק געשטאַנען מיטן פּנים צוריק צו דער שטאָט. פון הינטן איז געשטאַנען אַ הויכער געלאַדעטער וואָגן, פיל העכער איבער זיין קאָפּ. קעגנאיבער, גאַנץ ווייט האָט פּאַניטשעק באַמערקט, אַז דער הימל איז שטאַרק פאַרוואָלקנט, עס וועט אַ רעגן זיין און דונערן מיט בליצן.

דער רעגן גאַנץ ווייט און די משא הינטן און די פינצטערקייט פון דער נאַכט האָט פּאַניטשעקן געשראָקן און טרויעריק געמאַכט אים אויף דער נשמה. ער איז געשטאַנען אַן אייזאַמער און געקייעט אין טאָרבע.

יעסקע האָט זיך אַ זעץ אויף געטון אויפן סאַמע שפּיץ און אַ פייף געטון מיט דער בייטש.

פּאַניטשעק האָט אַריינגעצויגן דעם וואָגן אין דער קאָליע און האָט די ערשטע צוויי וויאָרסט געמאַכט דעם וועג, ווי עס דאַרף זיין.

שפּעטער אָבער האָט אָנגעהויבן צוצופאַלן די נאַכט. אַ רעגן האָט אָנגעהויבן גיסן, דונערן און בליצן האָבן זיך געטראָגן איבער קאָפּ און פּאַניטשעק איז אַרויס פון דער קאָליע, פאַרבלאָנדזשעט עגעץ אין אַ זומפּ און גאָר פלוצלינג שטיין געבליבן. יעסקע האָט צוערשט אָנגעהויבן באַשיטן אים מיט אַ האָגל פון בעל־עגלישע קללות, דערנאָך געשאָטן מיט דער בייטש אויף רעכטס און לינקס, געזען, אַז די בייטש העלפט נישט, האָט ער די איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט און מיטן שטעקל געשניטן איבערן קאָפּ, איבער די אויערן, איבער דעם גאַנצן קערפּער. פּאַניטשעק איז געשפּרונגען אויף אַלע זייטן. ער האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון די האָלאָביעס און אַנטלויפן, נאָר דער וואָגן איז געווען אַזוי שווער. אַז ער האָט אים אַפילו נישט געקאָנט אַ ריר טון.

זעענדיק, אַז ער האָט קיין אויסוועג נישט, האָט זיך פאַני־
זשעק אַוועקגעשטעלט ווי אַ טויטער. ער האָט זיך אפילו נישט אַ
ריר געטון און וואָס מער יעטקע האָט אים געהאַקט מיטן בייטש
שטעקל אין מאָרדע, אַלץ מער האָט ער געשוויגן. איבערגעטראָגן
די שווערסטע קלעפ מיט שטומער רוגזה, מיט פאַרביסענער פאַר־
אַכטונג. ערשט שפּעטער, ווען יעטקע האָט אַוועקגעוואָרפן די בייטש
מיט „אַ כאָלערע זאָל דיך כאַפּן“, האָט פאַניטשעק אַ ריר געטאָן
פון אָרט.

---

# שטומע ליידן.

די טבע פון איינשפּאַרן זיך, פון פאַרעקשנען זיך טיף ביז בלוט, האָט אָנגענומען ביי פאַניטשעקן אַ טיפן כאַראַקטער. ער האָט געהאַט כוח צו שווייגן שעהן, מען האָט געמעגט רייסן זיי הויט, זיינע האָר — פון צייט צו צייט גאָר האָט ער אויסגעדרייט די מאָרדע, פאַרקרומט די נאָזלעכער און געוואָלט יענעם אַ ביס טון, נאָר פאַניטשעק האָט קיינמאָל קיינעם נישט געביסן, ער האָט נאָר אָנגענומען כוח און ענערגיש אַלץ איבערצוטראָגן. טיילמאָל האָט מען געקאָנט באַמערקן, ווי זיין פעל איז געשוואָלן פון אַ סך בייטשן, ווי פון זיינע אויגן פליסן טרערן, עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט פאַלט ער. אָט־אָט ציט ער אויס די פיס. נאָר פאַניטשעק איז געשטאַנען אויף די דינע פיסלעך ווי אייזן.

די דאָזיקע עקשנות איז ביי אים אויסגעוואַקסן אַלס אַ נקמה־געפיל: „דו שלאָגסט מיך און איך גיי נישט". אַ נקמה־געפיל, וואָס האָט אָבער קיינעם קיינמאָל גאָרנישט געטון, וואָרום פאַניטשעק, דאָס קינד פון אפרים־הערצס הויטע, האָט קיינמאָל נישט געזען פון מענטשן זיך קריגן, שלאָגן אָדער שרייען און דערום האָט ער עס אַליין אויך נישט געהאַט אין זיין כאַראַקטער. פאַניטשעק האָט שטענדיק אויפגעהויבן אַ פוס און קיינעם [illegible] געקאָ

פעס, שטענדיק אויסגעדרייט די מאָרדע און גאָרנישט געטון, האָט מען אים אָבער באַליידיקט, האָט ער זיך אוועקגעשטעלט נישט צו רירן זיך.

אַזוי האָט מען מיט עטלעכע טעג שפּעטער אים איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן האָלץ צו ברענגען פון וואַלד. יעטקע האָט דאָס מאָל אַרויפגעלייגט אַזאַ משא, אַז ווען פּאַניטשעק האָט אַ קוק געטון אויף דער פור, האָט ער אַ ציטער געטון.

דען יעטקע האָט אים איינגעשפּאַנט צו גיין צוריק און פּאַניטשעק איז אויסגעקומען מיטן פּנים צו עפּעס אַ הויכער שאָפּע, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון וואַלד, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז ער צוריק אין אפרים - הערצס הויפ, אָט איז פאַר אים געשטאַנען די שטאַל, דער ראָד-ברונעם, און די ברייטע פאַרקאַנעס אַרום די הייזער, און אָט - אָט איז דאָרט דורכגעגאַנגען עפּעס אַ ווייס פערדל, נישט צו שווערן, אַז דאָס איז „ריצערזש”. פּאַניטשעק האָט זיך אַזוי דערפרייט אַז ער האָט אַזש אַ הירזשע געטון.

דאָס מאָל האָט אָבער יעטקע געגעבן אַ באַפעל צו גיין. פּאַניטשעק האָט אַפילו נישט געפילט דעם שמיץ פון דער בייטש און ווייטער געשטאַנען, יעטקע האָט דאָסמאָל אים געגעבן אַזאַ שמיר מיטן שטעקל איבערן רוקן, אַז פּאַניטשעקן איז פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן, און ער האָט אָנגעהויבן גיין איבער שטאָק און טאָל, אַרויף און אַראָפּ. עפּעס אַ שרעקלעכער צאָרן האָט זיך צעפלאַקערט אין אים און ער האָט ווי אויף צו להכעיס געטון אַלץ פאַרקערט, וואָס יעטקע האָט אים געהייסן. אָט האָט אים דער יינג אַ צי געטון ביי די לייטשעס, ער זאָל אויסמיידן דאָס אָרט, איז ער אומישנע געגאַנגען. אָט האָט ער אים געיאָגט, איז ער געגאַנגען לאַנגזאַם און גאָר איז ער געשפּרונגען, געלאָפן, לאָז זיין וואָס עס וויל זיך איבערקערן די פור אַפילו. דער יינג האָט זיך געבייזערט אויף אים

געמאַכט פּױסטן, נאָר אים האָט עס נישט געאַרט, ער האָט נאָר גע-
וואָלט אָפּטון דעם ייִנג אַ מין צולהכעיס, וואָס ער זאָל עס געדענ-
קען. און אָט איז ער אַרויף אויף אַ באַרג שטײנער, די פֿור האָט
זיך געגעבן אַ דריי אויף לינקס און דאָס האָלץ האָט זיך אויסגע-
שיט, פּאַניטשעקן איז צעבלוט געוואָרן אַ פּיס, ער האָט געקריגן אַ
קלאַפּ אין רוקן, נאָר געאַרט האָט עס אים נישט, פֿאַרקערט, מיט
אַ ביטערן צו - להכעיס איז ער געשטאַנען און אָנגעקוקט יעטקען,
דעם רויטן ייִנג, ער וואָלט אים איצט מיט אַ קאָפּיטע געגעבן אין
שטערן אַריין, ער וואָלט אים איצט וועלן זען בײַ די טריט פֿון
די אייגענע פּיס. . .

יעטקען האָט עס, צום גליק, נישט געשאַדט, איז ער געשטאַ-
נען, געקליבן דאָס האָלץ, דערנאָך האָט ער אָפּגעריסן אַ שטיק פֿון
דער מאַרינאַרקע, פֿאַרבונדן דעם פֿוס און מיט טויטע קללות גע-
זידלט אים אַהיים לײַדיקערהייט.

---

## ה ה ל ס ה י ל ף

דער ווייטיק האָט זיך איצט ביי פּאַניטשעקן דערוועקט אויף פרימאָרגנס, ווען די הייסע נודנע שטאָט - זון האָט אַריינגעשיינט דורך די קליינע פענסטערלעך פון שטאַל נעבן דער שטאָטישער נמינע און געברענגט פון הינטערן זיאַוד אַן עיפּוש פון פערדישן מיסט, שטרוי און סמאָלע און דזשעגעכץ.

פּאַניטשעק איז געלעגן אויסגעלייגט און געפילט, אַז אי דער פוס, אי דער רוקן טוען אים וויי, די וואונד פונעם פוס, וואָס איז געהייצט געוואָרן פון צער און האָט אים ווי געברענט פון פייער, ער האָט זיך אַלעמאָל געגעבן אַ קאָלער אויף דער ערד און אַ זיפץ, אַ סך מאָל האָט ער דעם זיפץ גענומען טיף און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אין אים זיצט אינעווייניק אַ מענטש, וואָס זיפצט אַרויס פון אים. דעם קאָפּ האָט ער אַלעמאָל אַ הייב אויף געטון אין דער הויך, ווי ער וואָלט זוכן עמיצן, וואָס קאָן אים די ווייטיקן פאַרלייכטערן, און ווען ער האָט קיינעם נישט געזען, האָט ער אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ און פאַרגלייזט די אויגן מיט טיפן ווייטיק. שפּעטער איז אין שטאַל אַריין דער יינג. ער האָט געמאַכט אָרדנונג ביי דער קאָרעטע, ביי די כאָמוטעס און לייטשעס, אָפּגע-

ריסן די שטיקער חלב פון דער פארשמאָלצענער לאַמטערנע און אַרויס, אַפּילו זיך נישט אומקוקנדיק אויף פּאַניטשעקן.

די טיר פון שטאַל איז געשטאַנען אָפן און ווער עס האָט געוואָלט, האָט געקאָנט אַריינגיין, עס זענען אַריינגעקומען יינגלעך מיט שערבלעך און שטיינער, באַוואָרפן פּאַניטשעקן, גערייצט זיך מיט אים, הינט זענען פערביי, אויסגעשטשירעט די ציין און געהאַוקעט. פערד פון זיאַזד זענען דורכגעגאַנגען, אַריינגעשטעקט די מאָרדעס און אַוועק קאַלטע, ווי ער וואָלט גאָרנישט געווען פון זייער מין. עס זענען אויך אָנגעקומען מענטשן, דאָס איז געווען משה קאַץ, אַלע בעלי - עגלות פון נאָענטן זיאַזד און די משרתים פון דער גמינע.

יעטקע איז אַריינגעקומען אַ צעהיצטער: סטייטש, עס איז דאָ קוילן צו פירן פון דער באַן און די שקאַפּע ליגט, עס איז דאָ אַ טראַנספּאָרט מלבושים צו פירן אין דער תלמוד - תורה און די שקאַפּע איז פויל, עס איז דאָ אַ פרישער טראַנספּאָרט מעל און קאַרטאָפל און האָלץ. פּאַניטשעק האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס רעדט מען פון אים, נאָר קוקן קיינעם אין די אויגן אַריין האָט ער נישט געוואָלט.

זינט פּאַניטשעק איז דריי טאָג שפּעטער אויפגעשטאַנען, האָבן אַלע באַמערקט אַ גרויסע ענדערונג אין זיין קערפּער, ער איז געוואָרן פיל מאָגערער, אַזוי אַז מען האָט געקאָנט די ביינער פון די באָקעס ציילן.

די הינטערשטע פוס זענען אָפּגעריבן געווען, די מאָרדע איינגעפאַלן עפּעס ווי פירעקעדיק, פון זיינע אויגן - ווינקלען זענען געלאָפן טרערן און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז פּאַניטשעק איז שוין אַן אַלט פערד.

אין דעם טאָג איז ער נאָך נישט אינגאַנצן געזונט געווען, נאָר פונדעסטוועגן ביין צו ביסלעך איבערן הויף האָט ער געקאָנט

און אָט איז ער געגאַנגען מיט דריי קאָפּיטעס, פּעסט קלאַפּנדיק אין די שטיינער איין פוס, איין קאָפּיטע האָט זיך אָבער נאָכגע-שלעפּט ביים גיין, האָט ער אומבאַדינגט געמוזט צואַרבעטן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָט געשלעפּט אַ משא, און עס האָט געשמעקט פון אים מיט קאַץ און פגירה.

פרי פאַרנאַכט איז שוין פאַניטשעק געשלאָפן, און אַ פּלאָנטער פון חלומות האָט צעמישט זיין שלאָף. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט זיך אָפּגעריסן פון אַ דין שטריקעלע און ער זינקט אין אַ טיף וואַסער, אַז אַ דאַך פון אַ שטאַל האָט אים דערדריקט, אַז אַ פייער ברענט, אַז מען וואַרפט אים אין סמאָלע אַריין און ער ברענט.

---

## „פּאַניטשעק", דאָס פּערדל פון חסד של אמת

— כאַפּט אים דער רוח, מער שפּאַן איך אים אין קיין וואָגן נישט איין, אַ פערד איז דאָס? אַ מיאוסע בלינדע שקאַפּע איז ע׳. גיי נעם זי צו און וואַרף איר אַריין אין שוואַרצן מאַנטל אַריין, מער איז זי נישט ווערט, — האָט פּלוצלינג אַ זאָג געטון יעטקע, דער רויטער יינג וואָס האָט שוין געוואָלט פּטור ווערן פון פּאַניטשעקן, צו איינעם פון די עגלה־לייט, אַ ייד אין שוואַרצן, וואָס איז געקומען צו דער גמינע נעמען אַ פערד צו דער עגלה.

— וועט עס די דאָזאָר־שטוּב פּאָזוואָליען? — האָט געפרעגט דער ייד אין שוואַרצן.

— נאָך ווי! גיי און נעם! — דער ייד אין שוואַרצן האָט געהאַלטן דעם מאַנטל פון די פערד אין האַנט, גרייט עס אַרויפצוּוואַרפן אויף פּאַניטשעקן.

— אַנו, גיב עס פערדי — האָט יענער געזאָגט.

פּאַניטשעק איז נאָך געשלאָפן, ווי יעטקע האָט אים געגעבן אַ קיצל ביים שטערן און אַ שלעפּ ביים אויער. פּאַניטשעק האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ תּמעוואַטן גענעץ געטון, זיך אויפגעהויבן און אַ צי אויס געטון זיך, הייבט איז ער שוין געזונטער געוועזן, גרייט צו גיין אין וועלכן גרינגן וואָגן, אַבי אַ גרינגן.

דער ייד מיט דעם שוואַרצן מאַנטל איז צוגעקומען נענטער, פּאַניטשעק האָט אים אָנגעקוקט און זיך פאַרוואונדערט.

פון זינט אַז ער איז אַוועקגעגנבעט געוואָרן, האָט ער זיך שוין צוגעוויינט צו הויכע מויערן, צו שפּיגלען, צו צילינדערס, צו שטעקעלעך, צו געפּוצטע לאַקירטע שיך, צו פּאָליציאַנטן, צו אַלץ, נאָר אַזאַ מענטש האָט ער נאָך נישט געזען. פּאַניטשעק האָט אויפגעשטעלט די אויערן און אַוועקגעדרייט זיך פון אים, און פּלוצלינג איז ער אַריינגעפאַלן אין עפּעס אַ שוואַרצער קאָלדרע, וואו ער האָט זיך גענומען פּלאָנטערן און דרייען און טשעפּען זיך. אָט האָט ער זיך אַ שטופּ געטון פאָראויס מיטן הינטן און ווידער פאָרויס, ער האָט זיך געדרייט אַרום זיך, געוואָלט אָנכאַפּן דעם הינטן, נאָר דאָס האָט זיך אים בשום אופן נישט איינגעגעבן. נאָך קאָמישער איז ער געוואָרן, ווען ער איז צוגעגאַנגען צום שאַף וואַסער טרינקען און ער האָט זיך דערזען אין וואַסער. עפּעס אַ מאָדנע נפש. האָט ער ווידער אָנגעהויבן זיך רוקן און דרייען און טאַנצן און כיכקען און פאָרסקען און קלאַפּן, נאָר עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, צוויי אַזייגער בייטאָג איז די עגלה אַרויס אין דער מיט גאַס. עס איז געגאַנגען אַ נודנער דראָבנער רעגן, די מענטשן האָבן אויפגעשטעלט די פאַראַסאָלן און געגאַנגען לאַנגזאַם, קלאָגנדיק נאָך זייער מת. פּאַניטשעק, זינט ער איז געבוירן געוואָרן, האָט ער נישט געזען אַזאַ שוואַרצקייט און אַזאַ קלאָג און דערצו עפּעס אַזאַ גרינגקייט פון אַ משא.

און ער האָט געקוקט, אי אויפן גרינגן קעסטל, אי אויף די מענטשן און ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס שלאָגן אים די מענטשן נישט מער און פאַרוואָס שאַנעווען זיי אים אַלע פאַר אַזאַ גרינגער משא.

און אַ סך טעג רעגנדיקע זענען געגאַנגען און אַ סך גרינגע קעסטלעך האָט ער געפירט, צוליב געטון דעם חסד פון גערעכטי-

קייט און איז עפּעס אַליין אַ טייל פון דער שוואַרצער געדיכטקייט געוואָרן. נאָך אַ סך מאָל איז ער שטיין געבליבן אויפן קלאָגעדיקן מענטשלעכן בית - עולם און פאַר זיינע מידע אויגן האָט אַ שוועב געטון אַ חלום פון אַ גרינער לאָנקע, פון גאָלדענע גלעקלעך, אַ קינדיש בייטשל און אַ ווייס, ווייס פערדל.

---